# אינהאַלט:

# קולטור און רעוואָלוציע

איבערזעצט פון

ז. לאַנדוי, נ. פערלמאַן און ה. ראָזענפעלד.

# דאנקאָ.

אין די אוראַלטע צייטען האָבען אמאָל געלעבט מענשען — וואו, ווייס איך נישט. איך ווייס, אז גרויסע געדיכטע וועלדער האָבען פון דריי זייטען ארומגערינגעלט די געצעלטען פון די דאָזיגע מענשען און פון דער פערטער זייט איז געווען דער סטעפּ. פרעהליכע, שטאַרקע, מוטיגע מענשען זיינען עס געווען, וואָס האָבען נישט געפאָדערט קיין סך, מיט ווייניג צופרידען געווען... אפּנים ציגיינער. איינמאָל אָבער איז געקומען א ווילדע צייט. פון ערגעץ־וואו זיינען ארויס אַנדערע שבטים און האָבען זיי פאַרטריבען אין די טיפענישען פון די וועלדער. דאָרט איז חושך געווען און זומפּען, ווארום אַלט איז געווען דער וואַלד און אזוי געדיכט זיינען געווען צונויפגעפלאָכטען זיינע צווייגען, אז מען האָט נישט געקענט דורכזעהן דעם הימעל דורך זיי. און ווען די שטראַהלען האָבען יאָ אָנגעריהרט דאָס וואסער פון די זומפּען, האָט זיך אויפגעהויבען א פּאַרע מיט בייזע ריחות און די מענשען זיינען דערפון געשטאָרבען, איינער נאָכ'ן אַנדערען. האָבען געוויינט די ווייבער און די קינדער און די עלטסטע האָבען נאָכגעקלעהרט און זיך געזאָרגט. זיי האָבען געמוזט ארויס פונ'ם וואַלד און נאָר צוויי וועגען האָבען זיי געהאַט: איינער איז געווען — צוריק, דאָרט אַהין, וואו עס זיינען געווען די בייזע שונאים, דער אַנדערער — פאָראויס, דאָרט, וואו עס זיינען געשטאַנען די ריזיגע בוימער, וואָס האָבען זיך פאַרפלאָכטען מיט זייערע מעכטיגע וואָרצלען טיף אין דער גליטשיגער ערד פון די זומפּען. רוהיג און שווייגענדיג, אזוי ווי אויסגעגאָסען פון שטיין זיינען געשטאַנען די בוימער בייטאָג אין א ליכט ווי בין השמשות, ביי נאכט אָבער, ווען די פייערלעך האָבען געברענט, האָבען זיי נאָך געדיכטער ארומגענומען יענע מענשען. שטענדיג אָבער, ביי טאָג און ביי נאכט, האָט דער ענגער רינג אָט די מענשען, וואָס זיינען גע־

וואוינט געווען צו דעם ווייטען סטעפּ, געוואַלט, דוכט זיך, דער־שטיקען. און נאָך שרעקליכער איז עס געווען, ווען דער ווינד האָט געררוישט אין די שפּיצען פון די בוימער, דער גאַנצער וואַלד האָט געגומען ווילד ברויזען און האָט געזונגען די מענשען, וואָס האָ־בען זיך באַהאַלטען פאַר זייערע שונאים, יללות, לויה־געזאַנגען.

פון דעסטוועגען זיינען עס געווען שטאַרקע מענשען און זיי וואָלטען געווען געקענט פיהרען אַ קאַמף אויף לעבען און טויט מיט יענע, וואָס האָבען זיי מנצח געווען. אָבער זיי האָבען ניט געטאָרט שטאַרבען אין קאַמף, ווייל זיי האָבען געהאַט צו דער־פילען צוואות וואָס וואָלטען מיט זייער טויט געווען פאַרשוואונ־דען פון לעבען. און צוליב דעם זיינען זיי געזעסען און האָבען נאָכגעקלעהרט אין די לאַנגע נעכט, ביים ווילדען ברויזען פונ'ם וואַלד, ביי די גיפטיגע ריחות פון די זומפּען. זיי זיינען געזעסען און ארום דער פייער האָבען געטאַנצט און געשפּרונגען די שאָ־טענס זייערע און אַלעמען האָט זיך געדאַכט, אַז נישט שאָטענס טאַנצען עס, נאָר בייזע שדים און לצים פון וואַלד, פון די זומפּען, וואָס מאַכען זיך אַ שפּיל מיט זיי... שטענדיג זיינען געזעסען די מענשען און האָבען נאָכגעקלערט. ס'איז אָבער נישט פאַראַן קיין זאַך — ניט ארבייט און ניט פרויען — וואָס זאָל אזוי פאַר־שלינגען די כחות פונ'ם מענשליכען קערפּער און פון זיין נשמה ווי דאגות, וואָס זויגען דאָס בלוט פונ'ם הארצען אזוי ווי אַ שלאַנג. און די מענשען זיינען אָפּהענטיג געוואָרען פונ'ם זאָרגען־זיך... דער פּחד האָט זיך געלעגט אויף זיי און האָט זיי געפּענטעט מיט זיינע שטאַרקע ארעמס ווי מיט קייטען. שרעקליך זיינען געווען די ווייבער מיט זייערע קלאָג־לידער איבער די געשטאָרבענע פון די זומפּען־ריחות און — איבער דעם גורל פון די לעבע־דיגע. און פיינע ווערטער זיינען גערעדט געוואָרען אין וואַלד, קודם שטיל און באַהאַלטען, באַלד אָבער העכער און העכער... שוין זיינען זיי גרייט געווען צו געהן צום שונא און זיך איהם איבערצוגעבען, זיך אליין און זייער פרייהייט. ציטערענדיג פאַר'ן טויט האָט קיינער ניט מעהר זיך געשראָקען פאַר'ן שקלאַפען־לע־בען... דאָ איז אָבער ארויס דאנקאָ און ער אַליין האָט זיי אַלע גע־ראַטעוועט.

דאַנקאָ — דאָס איז געווען איינער פון יענע מענשען, אַ שעהנער בחור. די שעהנע זיינען תמיד מוטיג און ער האָט צו זיי־נע חברים אזוי געזאָגט:

„מיט געדאנקען קאָן מען נישט אָפּראַמען קיין שטיינער פון וועג. ווער ס'טוט גאָר נישט, דער וועט גאָר נישט ענדערען. וואָס פארשווענדען מיר די כחות מיט חקירות און דאגות? שטעהט אויף, מיר וועלען ארויס פון וואלד. עס מוז דאָך זיין אַ סוף, אַלץ אויף דער וועלט האָט אַ סוף! קומט! נו! העי!...

זיי האָבען איהם אָנגעקוקט און האָבען דערקענט, אז ער איז בעסער פון זיי אַלע, ווארום פון זיינע אויגען האָט געלייכטען פיל קראַפט און לעבעדיג פייער.

„פיהר אונז!" האָבען זיי געזאָגט.

און ער האָט זיי געפיהרט... אַלע האָבען איהם געפאָלגט. זיי האָבען אין איהם געגלויבט. אַ שווערער וועג איז עס געווען! פינסטער איז געווען און ביי יעדען שריט האָט דער זומפּ גע־עפענט זיין מויל מיט זיינע גיפטיגע ריחות, איינשלינגענדיג די מענשען; און די בוימער האָבען פארשטעלט דעם וועג ווי אַ מעכ־טיגער מויער. זייערע צווייגען זיינען געווען צונויפגעפלאָכטען ווי די שלאַנגען און אומעטום האָבען זיי ארויסגעשטעקט זייערע וואָרצ־לען און יעדער שריט האָט געקאָסט שוויים און בלוט. לאנג זיינען זיי אזוי געגאַנגען... אַלץ געדיכטער איז געוואָרען דער וואלד, אַלץ קלענער די כחות! האָבען זיי אָנגעהויבען צו צאָרענען אויף דאנ־קאָ'ן און האָבען געזאָגט, אז ער, דער יונגער אָהן ערפאהרונג, פיהרט זיי אומזיסט ערגעץ וואוהין. ער אָבער איז געגאַנגען פאָראויס מו־טיג און פרעהליך.

איינמאָל אָבער האָט געקראַכט דער דונער איבער'ן וואלד און די בוימער האָבען אָנגעהויבען צו שעפּטשען דומפּ און שרעק־ליך. און אזוי טונקעל איז עס געוואָרען אינוועניג, גלייך ווי עס וואָלטען זיך פאראייניגט אַלע נעכט פון זינט די וועלט שטעהט אין איין איינציגער נאַכט. די קליינע מענשען זיינען געגאַנגען צווישען די גרויסע בוימער, וואָס האָבען זיך געבויגען און גע־ברומט זייערע לידער פון צאָרן, און אויבען איבער זיי האָבען אַלץ אויפ'ס ניי אויפגעלויכטען בליצען מיט אַ בלויען, קאַלטען ליכט

און שנעל ווי זיי זיינען געקומען, זיינען זיי ווידער פארשוואונדען, שרעקענדיג די מענשען. די בוימער אבער האבען אויסגעזעהן אין קאלטען ליכט פון די בליצען אזוי ווי לעבעדיג אויסשטרע־קענדע ביינערדינע אָרעמס. און א טונקעלער, קאלטער שרעק האט נעקוקט פונ׳ם חושך צווישען די צווייגען אויף די געהענדיגע. א שווערער וועג איז עס געווען און די מענשען וואס זיינען מיד געוואָרען, האבען פארלאָרען דעם מוט. אבער זיי האבען זיך גע־שעהמט מודה צו זיין אין זייער שוואכקייט און זיינען ארוים פול מיט שנאה און כעס אנטקעגען דאנקא׳ן, וואס איז פאראויסגעגאנ־גען פאר זיי. און זיי האבען אנגעהויבען איהם צו מאכען פאר־ווארפען, אז ער פארשטעהט ניט, ווי זיי צו פיהרען.

זיי זיינען שטעהן געבליבען און אינמיטען דעם ברויזען פון וואלד, אינמיטען דעם שווידערליכען חושך, מיד און פארביטערט, האבען זיי גענומען משפט׳ן דאנקא׳ן.

„דו ביזט א שעדליכער מענש פאר אונז", האבען זיי גע־זאגט. „דו האסט אונז אוועקגעפיהרט און צוגענומען אונזערע כחות. נקמה!"

„איהר האט געזאגט: פיהר אונז — האב איך אייך גע־פיהרט!" — האט דאנקא געזאגט זיך אוועקשטעלענדיג געגען זיי מיט דער ברוסט. „איך האב דעם מוט צו פיהרען, האב איך עס געטאן! און איהר? וואס האט איהר געטאן אייך צו העלפען? איהר זייט נאר געגאנגען און האט ניט געוואוסט, ווי־אזוי צו דערהאלטען דעם מוט פאר א לענגערען וועג!!

„איהר זייט נאר געגאנגען, געגאנגען ווי א סטאדע שאף!"

אבער אט די ווערטער האבען זיי נאך מעהר אריינגעבראכט אין כעס.

„דו מוזט שטארבען! שטארבען!" האבען זיי געשריען. און דער ווינד האט געברוישט און געברויזט אין טאקט צו זייער גע־שריי און בליצען האבען צוריסען די פינסטערניש. דאנקא האט אנ־געקוקט די מענשען, וואס פאר זיי האט ער אויף זיך גענומען אזוי פיל מיה, און האט דערזעהן אז זיי זיינען ווילדע חיות געווען. פיל מענשען זיינען געווען ארום איהם, אבער פון זייערע פנים׳ער האט נישט ארויסגעשיינט קיין איידעלקייט און ער האט נישט גע־

קענט האָפען, אַז זיי וועלען איהם שוינען. און אויפגעפלאמט האָט אויך אין זיין האַרץ די רציחה, אָבער פאַר רחמנות צו די מענשען האָט זי זיך תיכף אָפּגעקיהלט. ער האָט ליב געהאַט יענע מענשען און האָט געקלערט אַז אָהן איהם וועלען זיי אפשר פאַרלאָרען געהן. האָט זיך צופלאַקערט זיין האַרץ פון דעם הייסען פאַרלאַנג זיי צו ראַטעווען און אַרויסצופיהרען אויף אַ לייכטען וועג און פון זיינע אויגען האָבען געבליצט די שטראַהלען פון אָט דעם פייער... זעהענדיג דאָס האָבען זיי געמיינט, אַז פון כעס בליצען זיינע אויגען, און ווי די וועלף זיינען זיי געשטאַנען אַרום איהם, וואַרטענדיג, אויב ער וועט מיט זיי קעמפען, איהם צו כאַפּען און צו הרג'ענען. ער אָבער האָט תיכף געטראָפען וואָס זיי קלערען ביי זיך אין האַרצען און נאָך שטאַרקער האָט זיך צופלאַקערט זיין האַרץ, וואָרים אָט דער געדאַנק האָט איהאַ טיף וועה געטאָן.

און דער ווינד האָט אַלץ געזונגען דאָס טרויעריגע ליד זיינס און דער דונער האָט געברומט און דער רעגען האָט גיגאָסען...

„וואָס זאָל איך טאָן פאַר די מענשען!" האָט אויסגעשריען דאַנקאָ שטאַרקער פונ'ם דונער.

און פּלוצים האָט ער אויפגעריסען זיין האַרץ מיט די הענד, האָט אַרויסגעריסען דאָס האַרץ און האָט עס געהאַלטען הויך איי־בער'ן קאָפּ.

ס'האָט געפלאַקערט אַזוי העל ווי די זון און נאָך העלער פון דער זון. דער גאַנצער וואַלד איז פאַרשטומט געוואָרען, באַלויכטען פון אָט דעם פאַקעל פון מענשענליבע. דער חושך איז פאַרשוואונ־דען פאַר אַזאַ ליכט און האָט זיך באַהאַלטען ציטערענדיג אין וואַלד אין די פאַרפוילטע זומפּען. דערשראָקענע זיינען געשטאַ־נען די מענשען ווי פאַרגליווערט.

„געהען מיר!" האָט דאַנקאָ אויסגעשריען און האָט זיך גענו־מען געהן, האַלטענדיג הויך איבער זיך דאָס גליהענדע האַרץ, ווייזענדיג אַזוי אַרום די מענשען דעם וועג.

זיי זיינען איהם נאָכגעגאַנגען. געצויגען האָט עס זיי ווי אַ כשוף. ווידער האָט אָנגעהויבען צו רוישען דער וואַלד. פאַר־וואונדערט האָבען זיך געבויגען די שפּיצען פון די בוימער, אָבער

דאס רוישען איז אריבערגעהילכט געווארען פון די טריט פון די מענשען, וואס זיינען געלאפען. אלע זיינען זיי געלאפען שנעל און מוטיג, מיטגעריסען פון דעם וואונדערבארען שוישפיל פונ'ם ברענענדיגען הארץ. אויך איצט זיינען פיל פון זיי אוועקגע־שטארבען, אבער אהן טרעהרען און אהן געוויין. דאנקא אבער איז שטענדיג פאראויסגעגאנגען און זיין הארץ האט געפלאמט, שטענדיג געפלאמט!

פלוצים האט זיך געעפענט דער וואלד און דאנקא מיט אלע זיינע מענשען זיינען אריין אין א ים פון ליכט און פון ריינער, רעגען־פרישער לופט. דער שטורם איז געווען הינטער זיי אי־בער'ן וואלד און דא האט געשטראהלט די זון, האט געאטעמט דער סטעפ, האט געפינקעלט דאס גראז פון בריליאנטענע רעגענטרא־פענס און ווי גאלד האט געגלאנצט דער טייך... דער אבענד איז געקומען און פון דער זון וואס האט געהאלטען אין אונטערגעהן איז רויט געפארבט געווען דער טייך ווי דאס בלוט, וואס האט אין א הייסען שטראהל זיך געגאסען פון דאנקא'ס צוריסענער ברוסט.

דער שטאלצער דאנקא האט א בליק געווארפען פאר זיך אי־בער'ן ווייסען סטעפ, א בליק אויפ'ן ווייטען לאנד און האט שטאלץ געלאכט. דאן איז ער אומגעפאלען און איז געשטארבען. — שטיל, פאר'חדוש'ט האבען זיך גע'סוד'עט די בוימער הינטער זיי, און דאס גראז, באנעצט פון דאנקא'ס בלוט, האט מיטגעשעפטשעט.

די צופרידענע מענשען, לעבענדיג פון נייע האפנונגען, האבען גאר נישט באמערקט, ווי ער איז געשטארבען און האבען גאר ניט געזעהן, ווי דאס מוטיגע הארץ נעבען איהם האט נאך אלץ גע־פלאקערט. איינער האט עס אבער דערזעהן, א פארזיכטיגער, און האט זיך דערשראקען. איז ארויפגעטראטען מיט'ן פוס אויפ'ן שטאלצען הארץ... האט עס זיך אויסגעלאשען שפריצענדיג פונ־קען פייער...

# וועגען ציניזם.

. . . דער שוואונג פון לעבען אין דער גאנצער וועלט ווערט אלץ האסטיגער, ווייל די מעכטיגע אומרוהיגקייט פון פריהלינג דרינגט אלץ מער אריין אין זיינע געהיימע טיפעננישען; אומע־טום פיהלט זיך קלאר דער שטורמישער אויפריהר — די פאטענ־ציעלע ענערגיע קומט צום באוואוסטזיין פון איהר גרויסער שע־פערישקייט און גרייט זיך צו דער ארבייט.

לאנגזאם, אבער זיכער וואקסט אין פאלק דאס זעלבסט־בא־וואוסטזיין, צינדט זיך אן די זון פון סאציאלען יושר, און אונ־טער'ן הויך פון דעם אנקומענדיגען פריהלינג ווערט צערונען די קאלטע און שווערע דעק פון צביעות און פאראורטיילען, ווערט אויפ־געדעקט אין זיין גאנצער נאקעטקייט דער מיאוס'ער סקעלעט פון היינטיגער געזעלשאפט, — דער תפיסה פון מענשליכען גייסט.

אין מיליאנען אויגען ברענען פריידיגע פייערלאך, אומעטום בליצען אויף בליצען פון צארען, באלייכטענדיג די געדיכטע וואל־קענס פון נארישקייט און פעהלערען, פון פאראורטייל און ליגען, וואס האבען זיך אנגעקליבען אין משך פון הונדערטער יאהרען; עס איז איצט ערב יום־טוב, דעם יום־טוב פון אלוועלטליכער אויפ־לעבונג פון די פאלקס־מאסען.

וואויל איז צו די מענשען, וואס ווייסען, אז דאס פאלק איז אן אייביגער קוואל פון ענערגיע, וואס נאר ער אליין קאן מאכען, אז אלץ, וואס עס איז מעגליך, זאל ווערען נויטיג, און אלע טרויי־מען זאלען ווערען א ווירקליכקייט! ווייל אין זיי האט שטענדיג געלעבט דאס שעפערישע געפיהל פון זייער ארגאנישען צובונד צום פאלק; און איצט דארף דאס דאזיגע געפיהל זיך פאנאנדערוואקס־

סען און אנפיהלען זייערע נשמות מיט דער גרויסער פרייד און חשק צו שאפען נייע פארמען פאר א נייער קולטור.

* * *

די סמנים פון דער אויפלעבונג פון דער מענשהייט זיינען קלאר, נאר „די מענשען פון דער קולטורע־לער געזעלשאפט” זעהען זיי כלומר'שט ניט; דאס שטערט אבער נישט די קליינבירגער צו פיהלען דאס אומפארמייד־ליכע אנקומען פון דעם אלוועלטליכען בראנד.

א שטומפיג געוועזר אין דעם פראצעס פון אנזאמלען רייכטי־מער, זיינען זיי פאר'משפט צו פארטיידיגען זייערע האפענונגס־לאזע פאזיציעס און צו באהאלטען זיך אין דעם ענגען שטייגעל פון זייער קולטור, אנרופענדיג מיט דעם דאזיגען נאמען די איבערצייי־גונג, וואס מען האט אין זיי ארייגעגעבען און וואס האט אפגע־טויט זייערע נשמות, אז די מאכט פון קאפיטאל פארבלייבט אויף אייביג געזעצליך און נישט־באריהרט; זיי זיינען איצט נישט אפילו קיין קנעכט פון זייער באלעבאס, נאר זיינע שטוביגע חיות.

קנעכט ווערען איבערגעשאפען אין מענשען — אט־דאס איז דער נייער זין פון לעבען!

עס איז אין דעם נישט פאראן קיין שום פאראדאקס: דער קנעכט און דער האר זיינען צוויי עקען פון איין־און־דערזעלביגער פסיכאלאגישער ליניע. דער קנעכט לעבט מיט דעם אומבאשטימ־טען טרוים פון מאכט, און דער האר — מיט דער מורא פאר זיין מאכט. אבער ווען דער קנעכט הויבט אן פארשען דעם ווערט פון פרייהייט און דערפיהלט זיין רעכט אויף איהר, ווערט ער דאן א מענש.

עס איז געקומען די צייט, ווען עס איז קליגער נאכצוגעבען דער קראפט פון נויטווענדיגקייט.

עס וואלט אבער געווען אן אומזיסטע ארבייט צו דערצעה־לען בלינדע פון געבוירען וועגען דעם שפיל פון פארבען אויפ'ן אנגעזיכט פון ים; און נאך מעהר וואלט עס געווען אומזיסט צו איבערצייגען די קאמאנדירער פון לעבען און דעם קליינבירגערטום — זייער ארמיי — אז זיי זיינען זיך אליין שונאים.

דעם מענשענס נשמה איז היינט א מדבר, און מיט ציטערניש אין הארצען ווארט ער, עס זאָל זיך מאָרגען אין איהר באווייזען עטוואס אזוינס, וואס איז פרעמד און פיינדליך צו איהם; עס וועט, ווי א ספינקס, זיך אויפהויבען אין זיין נשמה און וועט מיט פעסט־קייט פאַרשלאָגען דעם מענשען צו לעזען די סאָציאלע פראגע, וואס יוארט אויף אן ענטפער.

דער קליינבירגער האָט דאָס פאַרגעפיהל פון דעם פאטאלען באזוך פון דער נויטווענדיגקייט, ער ווייס, אז ער איז טויט פאַר איהר, און ער זוכט דעריבער וואָסער־עס־איז באהעלטעניש, ער וויל מיט וואָס־עס־איז אָנפילען זיין אינעווענינסטע זומפיגקייט — ער האָט מורא צו פארלירען זיין געוועהנליכע רוה און קאַמ־פאַרט, הגם די דאָזיגע רוה איז גיכער א זעלבסט־היפנאָז, איידער א רעאליטעט.

די באליבטע ווינקעלאך, וואו דאָס קליינבירגערטום באהאלט זיך פון לעבען, זיינען איהם שוין פון לאנג באוואוסט: דאָס איז — גאָט, מעטאפיזיק און ציניזם.

אָבער גאָט איז נאָר פאַר דעם, וואָס קאָן איהם באשאפען אין זיין נשמה מיט'ן כח פון זיין אמונה און מיט איהר פייער איהם באלעבען — אין דער קליינער נשמה פון היינטיגען מענשען זיי־נען אלע פייערען אויסגעלאָשען און אין איהר פינסטערניש איז ענג אפילו פאר אן אָפּגאָט, נישט נאָר פאר גאָט.

די מעטאפיזיק איז גוט נאך א זיג. אָבער פאַר א שלאכט איז נויטיג דאָס געגויע וויסען. די מעטאפיזיק קאָן נישט באַרו־היגען די הערצער, וואָס ווערען אויפגערודערט דורך דעם פאָרגע־פיהל פון א נידערלאגע.

ווען דער מענש וויל וויסען — פאָרשט ער, ווען ער וויל זיך באהאלטען פון דער אומרוה פון לעבען — טראכט ער אוים.

אין אונזערע טריבע טעג איז נישט קיין צייט פאַר אויסטראכ־טען — און די פאַרזוכען, וואָס דאָס קליינבירגערטום מאכט, צו באהאלטען זיך אין דעם מעטאפיזישען נעפעל, געלינגען נישט.

ווייטער איז די מעטאפיזיק א שאפונג. ווי פאר יעדען אוים־טו, פאָדערט זיך אויך דאָ באגייסטערונג און קראפט, ליבע אָדער

האס, און דאס קליינבירגערטום האט קיין זאך נישט ליב און האט נישט קיין כח צו האסען.

עס איז שווער דאס אפצולייקענען, ווייל דאס קליינבירגערטום אליין האט דורך זיינע פאעטען און שרייבער נישט איינמאל זיך מודה געווען און איז זיך אליז אפטער מודה, אז עס לעבט דורך א גייסטיגען קריזיס, דעם באנקראט פון גייסט. מען דארף זאגען — די גסיסה פון גייסט.

* * *

ווי א מיטעל פון זעלבסט־פארטיידיגונג קעגען דעם אנגריף פון היסטארישער גערעכטיגקייט האט דאס קליינבירגערטום אויס־געקליבען דעם ציניזם.

דאס איינענע מערקט זיך אין דער ליטעראטור און לעבען פון אונזערע טעג — דערפיהלענדיג, אז אט־באלד וועלען זיי דארפען אויפגעבען די פאזיציעס, פלייסען זיך די צוקונפטיגע באזיגטע מיט אלע זייערע כחות צו פאראומרייניגען אליז, וואס זיי קאנען.

עס פארשטעהט זיך, אז צווישען דעם, וואס ווערט איצט חרוב, איז פאראן זעהר פיל, וואס איז אלט, אפגעלעבט, און וואס וואלט שוין לאנג באדארפט פארניכטעט ווערען. און אזוי ארום טוט דאס קליינבירגערטום אויף א טייל פון יענער נויטיגער שמוציגער ארבייט, וואס די זיגער וואלטען באדארפט אויפטון, ווען עס וועט זיי אויסקומען אפצורייניגען דאס ארט, וואו די הערען קולטור־מענשען האבען איינע די אנדערע פארגוואלטיגט.

איך זאג נישט, אז די קליינבירגער פאראומרייניגען דאס לע־בען מיט א כיון: דאס איז די פארדארבענקייט פון א נישט־גע־זונטען פארשטאנד און אן אפגעטראגענעם קערפער, פון איין זייט — דער רעזולטאט פון דעגענעראציע און איבערזעטיגקייט מיט וואוילזיין, פון דער אנדער זייט — דער אויסדרוק פון פיינליכען יאוש.

דער מענש איז פון מורא אראפ פון זינען, האט אויפגעדעקט אין זיך די חיה און, א צעווילדעטער, רייסט ער די סאציאלע קיי־טען.

אזוי צי אזוי — אבער די ציניקער פארדארבען מיט זייער

פוילען די לופט — און קאָן מען דען זאָגען, אז אין אָט־דער אר־בייט זייערער איז נישט פאראן קיין נישט־קלאָרער וואונש צו פאר׳סם׳ען דעם זיגער, אָנשטעקען איהם מיט אלע קראנקהייטען פון זייער נשמה און קערפער?

עס קאָן זיין, אז זיי האָבען דעם געדאנק, וואָס האָט נאָך אין זייער באוואוסטזיין נישט אָנגענומען קיין באשטימטע פאָרם: „איהר האָט געזיגט, — איהר וועט אָבער אומקומען אין שמוץ, וואָס מיר וועלען פאר אייך איבערלאָזען בירושה״...

* * *

דער מאָדערנער ציניזם טוט זיך אָן אין פארשידענערליי קליי־דער — אָבער אומגעלומפערטער און נאקעטער פון אלץ — אין דעם שווארצען מאנטעל פון פעסימיזם.

„הבל הבלים מכל הבל!״ — מורמעלט אונטער דער קליינביר־גער, איינוויקלענדיג זיך ראָמאנטיש אין די טראנטעס פון זיין אלטקייט.

דאָס לעבען ציטערט אויף אין דראנג פון פרייען שאפען — דער ציניקער וויים דאָס.

— דור הלך ודור בא — זאָגט ער, ארייננטועענדיג זיין פנים אין דעם אלטען ספר, וואו דעם מענשענס רעוואָלטירענדיגער גע־דאנק האָט אויסגעפּרואווט די קראפט פון גאָט, וועלכען ער האָט אליין באשאפען.

ווען דו זעהסט, אז הינטער דעם דאָזיגען ספר, וועלכער איז שטענדיג שעהן און שטאָלץ, באהאלט זיך די קלעגליכע פיגור פון דעם שרעקעדיגען ציניקער, באהאלט זיך און פארלוימדעט מיט זיי־נע שטומפיגע רעד דעם חכם, כדי דערמיט צו רעכטפערטיגען זיין איינענע פוילקייט אָדער אָנמאכט — ווען דו זעהסט דאָס, טוט דיר באנג פאר׳ן ספר.

אמאָל א שעהנער און א פולער, באשאפען דורך דער ליבע און צאָרען פון אויפריכטיגע מענשען, איז דער פעסימיזם איצט צעקייט פון פלאפלער, פארשמוצט דורך דעם גאווערען פון די קליינ־בירגער, ארייגעכאפּט אין זייערע אומריינע פינגער און פארוואנ־

דעלט אין אַ פאַרמלאָזע ווייכע מאַסע פון אָפּגעטראָגענע באַנאַ־ליטעטען — עס איז אַ חרפה זיי צו הערען.

— מיר וועלען קיינמאָל זיך גאָרנישט דערוויסען, מיר קענען נישט באַשיידען די סודות, וואָס רינגלען אַרום דאָס לעבען, — זאָגען די ציניקער, — און ווערען פאַרזונקען אין דעם זומפּ פון צעלאָזענקייט.

ווען זיי דערהערען אָבער, אַז אימיצער, וואָס האָט אומפאַר־מאַטערליך אויסגעפאָרשט די סודות פון לעבען, האָט באַרייכערט דעם געדאַנק פון דער מענשהייט מיט אַ נייער השערה, האָט צוגעגעבען נייע ענערגיע צו דער אַרבייט פון שטודירען די נאַטור, רעגט עס זיי אויף.

— אייער גאַנצע מיה פיהרט צו גאַרנישט, איהר ווייסט גאָרנישט, אייער אַפּאַראַט פון דערקענטעניש וועט שטענדיג זיין נישט פאָלקאָמען, — באַווייזען זיי מיט רוגזה און אייפערגונג.

דער ציניקער איז דאָ ענהליך צום בעטלער מיט'ן בלינדען אויג, וועלכער האָט געענטפערט דעם שמיד, וואָס האָט איהם אָנגערופען בלינדער:

— און דו ביסט דאָך אויך אַ קריפּעל — דו האָסט צוויי אויגען!....

— איז דער כדאי צו לעבען? — פרעגט דער ציניקער.

דערנאָך ברענגט ער אַ מאַסע ראיות אין פערזען און אין פּראָזע, אַז עס איז נישט כדאי און — לעבט לאַנג, גערען, זאַט און רוהיג.

ווייל אויב עס איז שוין באַשטימט געוואָרען, אַז עס איז נישט כדאי צו לעבען, דאַרף מען דאָך וועניג וואָס טאָן, כדי צו פאַרשנעלערען דעם גאַנג פון לעבען, כדי צו מאַכען גרעסער זיין ליבע, שעהנקייט און זיין איינפאַכען און ליכטיגען אמת. מען דאַרף מעהר נישט, ווי לעבען, זויגען פרעמדע זאַפטען, באַגעהן אַ מאַסע פעהלערען, פאַרטיידיגענדיג דאָס אייגענע וועזען און איי־גענטום — דערהויפּט דאָס אייגענטום! — פאַרשטאַרקען די אַלטע פּאָראורטיילען, שאַפען איינינגע נייע, פאַרפירען פרויען, אָנמיס־טיגען אומעטום, אָנשמוצען, און דערנאָך אין קאַלטען שרעק פאַר דער אומפאַרמיידליכקייט צונויפגיסען די פוסטקייט פון דער איי־

גענער נשמה מיט דער פוסטקייט פון דער אייביגקייט, לאנג גוסס'ען אין קאנוואולסיעס פון פחדנות, אין נעבעכדיגע געשרייען און, ענדליך, פארלאזען די ערד, איבערלאזענדיג דעם פאלק בירושה דעם שווערען און פון זיי פארערגערטען פלאנטער פון קלעפיגע ליגענס, טויטע ווערטער, נישטיגע פאראורטיילען און א מאסע אנדער אלטווארג.

— איז דען כדאי, אז די מענשהייט זאל לעבען ? — פרעגט דער ציניקער, און כאפענדיג פון אומעטום די געדאנקען, וועלכע ער האט פארדרייט און פארדארבען, אנשפארענדיג זיך אויף טויטע ביינער, באשליסט ער :

— ניין...

דער דאזיגער ענטפער אויף דער פראגע איז אביסעל פריה־צייטיג, — אויף דער דאזיגער פראגע קאן מען אזוי אדער אנדערש ענטפערען נאר דאן, ווען די גאנצע מאסע ווייסע, געלע און שווארצע מענשען וועט דערוויסען אין א פולער מאס דאס וואוילזיין, וועט פארזוכען אלע פארגעניגענס פון גייסט און קערפער, וועט דורכקוקען די גאנצע גיגאנטישע ארבייט פון דער מענשהייט פאר די אלע הונדערטער יאהרען פון איהר זיין, וועט פארשטעהן די גאנצע קראפט פון ליבע, ליידען און העלדישקייט אין דער פאר־גאנגענהייט, וועט אפשעצען אלע גרויסע צוואות פון איהרע על־טער־זיידעס און וועט צעטיילען גלייך צווישען אלעמען די גאנצע אומגעהויערע ערפאהרנונג איהרע.

אפשר וועלען די מענשען דעמאלט איינשטימיג באשליסען אויפצורייסען די ערד־קויל — דאס איז זייער רעכט.

אבער ווען פאראזיטען אויפ'ן קערפער פון א שטומען ריז באשיידען די פראגע וועגען דעם ווערט פון לעבען, איז עס עקעלדיג און לעכערליך, איז עס ציניזם !

* * *

דער מענש קאן כמעט אלצדינג מאכען שעהן. אמאל האט ער אויך דעם ציניזם געוויזען פאר דער וועלט אין א העלען און שטארקען ליכט ; דער ציניזם אבער פון אונזערע טעג איז פאר־דארבען און באנאל.

און אויב דער טויט קומט געזעצליך און אין צייט, אויב ער קומט איינפאך און רוהיג אָפּצוראַמען פון וועג פון לעבען דאָס, וואָס איז אַלט, אָפּגעלעבט און שוין האַלב־טויט — קאָן מען דען נישט זיין איהם דאַנקבאַר דערפאַר?

מעגליך, אַז ער פאַרדינט אַמאָל אונזער פאַרדאַמונג, ווייל ער איז צייטענווייז נישט אויפמערקזאַם צו זיין אַרבייט — פיל מענשען לעבען צו לאַנג, פאַרגעסענדיג, ווייזט אויס, אַז אַ חכם דאַרף שטאַרבען אין צייט.

אָבער אַלץ, וואָס איז איינפאַך און געזונט, איז פרעמד די ציניקער, און זיי קאָנען אודאי נישט פאַרשטעלען זיך, ווי מיאוס דאָס לעבען וואָלט געווען, ווען דאָס קליינבירגערטום וואָלט געווען אומשטערבליך.

די מורא פאַר'ן לעבען באַוועגט זיי פיל צו רעדען און צו טראַכטען וועגען טויט; מיט פּחדנות'דיגע צונגען לעקען זיי זיינע ביינער און, ווי בעטלער, בעטען זיי ביי איהם אַ נדבה פון אויפמערקזאַמקייט. אין זייער רעדען וועגען טויט קלינגט אַלע מאָל עפּיס קנעכטישעס; זיי זיינען, ווי דער לאַקיי, וואָס שרעקט זיך, אַז זיין באַלעבאָסטע וועט איהם חושד זיין אין גנב'נען צוקער, און ער באַמיהט זיך באַצייטענס ווייכער צו מאַכען דורך פריעכער חניפה איהר כעס.

זיי האָבען מורא פאַר'ן טויט, און, ווי עס ווייזט אויס, גאַנץ אויפריכטיג; די קליינבירגער קענען טאָג און נאַכט טראָגען אין זיך דעם שווערען עול פון פּיינליכען שרעק פאַר'ן טויט, און זיי פאַרפּאַסען פון זיין כבוד וועגען ליגנערישע הימנען, באַשיטען זיין סקעלעט מיט פּאַפּירענע קווייטען פון זייער קאַלטער פאַנטאַזיע, בוקען זיך צו איהם און קריכען ביי זיינע פיס; אָבער זיי וואַגען נישט אַריינצוקוקען אין זיין רוהיג און קלוג געזיכט, וואָס זעהט זיי אויס צו זיין זעהר מיאוס, כאָטש זיי מורמלען עפּעס וועגען זיין כח און בייזער שענקייט.

און דער טויט קערט זיך פון זיי אָפּ מיט פאַראַכטונג — ער איז, ווייזט אויס, אַ מפונק, אורטיילענדיג לויט דעם, ווי לאַנג ער שטעלט ניט אָפּ די מאַטערנישען פון די, וואָס ליידען פון סיפיליס, קרעציגקייט, פּאַראַליז, און רייסט נישט איבער דעם

לאנג־געצויגענעם קלעפיגען פאדים פון דעם לעבען פון באנאלע מענשען.

די ציניקער האבען טאקע מורא פאר׳ן טויט, אבער נאך מעהר שפילען זיי זיך מיט איהם — דאס שפילען זיי זיך אין באהעל־טערניש מיט׳ן לעבען.

דאס לעבען פאדערט פון מענשען מעשים, העלדישקייט, קראפט, שעהנקייט — און די ציניקער זאגען:

— עס איז נישטא קיין לעבען, עס עקזיסטירט נאר דער טויט...

עס זיינען נישטא קיין אידעאלען, עס איז נישטא קיין ווילען זיי צו באשאפען.

אמאל מאכט זיך דער ציניקער, אז ער ליידט אויף אן אמת׳ען, און ער זיפצט:

— ווייניג האניג האב איך טועם געווען — —און את שטארב איך!...

עס איז א ליגען. ער וואלט באדארפט זאגען:

— איך האב זיך אנגעפרעסען מיט אלץ, וואס האט מיר אויסגעזעהן צו זיין זיס, און בין פאר׳סם׳ט פון איבערזעטיגקייט.

דאס לעבען און דער טויט זיינען צוויי געטרייע חברים, צוויי ברידער, אומשטערבליכע קינדער פון דער אומשטערבליכער צייט. איינער איז פארהילט אין זוניגע שטראלען, באפליגעלט מיט צויבערליכע און געהיימע טרוימען; ער ברענט מיט׳ן אייביגען פלאם פון שעפערישקייט, איז פרייגעביג און שטענדיג פארליבט. דער אנדערער, לעבען איהם, איז פארטראכט, באשיידען, דורכ־אויס וויים און ריין, מאיעסטעטיש־שטרענג, מיט טיפע אויגען, וואס זייער קאליר איז ווי פון א לויטערען הימעל אין א זומער־פארנאכט, און עס לייכט זיך אין זיי מיט א שטילען ליכט דער נעמיטליכער געדאנק וועגען לעבען, דער ווייכער שמייכעל איבער די אויפטועז פון לעבען.

דאס לעבען ווערט נישט מיד צו פארזייען איבער דער ערד זיינע קערנער, און וואו עס געהט נאר פארביי, ווערט אלץ פול מיט ציטערדיגער פרייד, וואקסט, בליהט מיט העלע און רייכע פארבען, זינגט און לאכט, פאר׳שכור׳ט פון דער זון. אבער דאס

לעבען זוכט בעת'ן שאפען, עס וויל באשאפען נאָר אזוינס, וואָס איז גרויס, שטארק, אייביג, און ווען עס דערזעהט דעם איבערפלוס פון קליינליכע און שוואכע זאכען, זאָגט עס צו זיין ברודער:

— שטארקער, העלף! דאָס זיינען שטערבליכע זאכען.

דער טויט דינט מיט הכנעה די אינטערעסען פון לעבען...

* * *

דער ציניזם באַווייזט זיך פאר מענשען אין פיל־קאָלירטע קליידער פון „נייער שעהנקייט".

— די מאָס פון לעבען איז שעהנקייט! — רופט אויס דער ציניקער די פרעמדע ווערטער, וואָס זייער טיפער זין איז איהם פרעמד.

ארום געפינען זיך די פארקריפּעלטע קינדער פון דעם אָפּ־שטארבענדיגען קליינבירגערטום, קינדער אָהן בלוט אין זייערע אָדערען, האלב־קראנקע פרויען, ביי וועמען עס איז אָפּגעשטאָרבען דאָס געפיהל פון שעהנקייט, יונגעלייט, וואָס זיינען אויסגעמאַ־טערט פון נאוף, עובר־בטל'דיגע זקנים, וואָס ליידען פון רומאַטיזם און אנדערע קראנקהייטען...

אויף די גאַסען — לעבעדיגע דענקמאָלען פון דער קליינביר־גערליכער שאַפונג: שטומפּיגע כוליגאנעס — זיינע קינדער, — פוילענדיגע פּראָסטיטוטקעס.

און פון אומעטום קוקען ארוים די האלב־בלינדע, טריפענדיגע אויגען פון דער אָרימקייט, אומעטום פלאטערען איהרע פארפּעס־טעטע טראנטעס, פון אלע זייטען ציהען זיך נאָך א נדבה טויזענטער שמוציגע ביינערדיגע הענט — ס'ארא שעהנקייט דאָס איז!

אין דעם כאָאָס פון קערפּערס, וואָס זיינען האלב־טויט פון הונגער, אין דעם שווארצען ווירבעל־ווינט פון טראנטעס דרעהט זיך ארום דער ציניקער, א צעפלאמטער פון זיין אויסגעלאסענקייט און קראנקהייטען, מיט שוואכע מוסקעלען, מיט ווייך־געוואָרענע ביינער, מיט א וואהנזיניגען פּאר־דער־גסיסה־באגעהר צו שארפע פארגעניגענס, און מיט אויסגעלאָשענע אויגען אויפ'ן געלען פּנים אונטער א נאקעטען שארבען — איז דאָס די „נייע שעהנקייט"?

ער געהט ארום איבער די שטעדט, ווי א מאראָדער איבער'ן שלאכטפעלד, ווי א גנב איבער'ן בית עולם, און זאָגט:

— איך דין דער שעהנקייט!

און ער פאלט כורעים פאר א הויפען פיל־קאָלירטע קלייניג־קייטען, באהאלט זיך אוים פון דער ארומיגער מאוס'קייט הינטער בערג גאנצע פון קלעגליכע ליגענס — בילדלעך, שפילכעלעך, סטאַ־טועטען, שעהנע ביכעלעך — די פרוכט פון אָנגשטרענגטער אר־בייט פון קליינליכע נשמות. אָט די אַלע קלייניגקייטען, וואָס ווערען געמאכט אויף שנעל מחמת דער גרויסער נאָכפראגע אויף זיי, פילען אָן די צימערען און נשמות פון די ציניקער, פארבלענ־דענדיג די אויגען מיט דער בונטקייט פון פארבען, פארטויבענדיג מיט'ן געקלאנג פון פוסטע פראזען, אויפרעגענדיג אויף אַן אנגע־נעהמען אופן די שטומפּיגע נערוון מיט זייער זיסליכקייט, — און הינטער זיי פארגעהען דערווייל שטילערהייט און ווערען אָפּגעמעקט די בילדער פון די גרויסע שעפער פון אייביגער שעהנקייט. עס ווערען פארשטילט די הייליגע הימנען פון די אמאָליגע פּאָעטען, עס ווערען פארגעסען זייערע נעמען, פארטויבט פון דעם הויכען מארק־געטומעל פון די פריסטער פון דער „נייער קונסט“, פון די הכנעה'דיגע דינער פון קליינבירגערטום.

„די נייע שעהנקייט“, זאָגען די ציניקער, פארטיפענדיג זיך אין די קלייניגקייטען און וועלענדיג פארגעסען, אַז די אומשטערב־ליכע שעהנקייט איז אין ליבע און נישט אין גלוסטונג, אין האנדלונג און נישט אין רוה, אין דעם וואוקס פון מענשליכען גייסט, אין דער פארקערפּערונג פון טרוים.

די קליינבירגער האָבען זייערע קליינע נשמות צעשפּליטערט אויף קליינטשיקע שטיקלעך און שפּליטערען זיי נאָך אַלץ מעהר — און אזוי לעבען זיי מיט זייער קליינעם לעבען אין צויבער פון זייערע נישטיגע פארוויילונגען.

און ארום זיי גיסט זיך אַלץ אָפטער און אַלץ פולער דאָס העלע בלוט פון יענעם גיגאנט־פּאָעט, וואָס האָט באשאפען אַלע געטער און פראָמעטייאוס'ען, דעם שטן, פאוסט'ען און אהאספער'ן, טויזענטער מעשה'לאך, זאגען, לעגענדען, לידער. עס גיסט זיך דאָס בלוט פון דעם, וועמען מען האָט נאָך עד היום נישט איבער־געשטייגט אין שעפערישקייט.

מיר האָבען אָנגערופען אומשטערבליכע די, וואָס האָבען גע־

קענט שעהן און איינפאך איבערדערצעהלען די גרויסע שאפונגען פון פאלק, אבער דאס פאלק גופא — דעם אלערערשטען שעפער פון שעהנקייט סיי לויט דער קראפט און סיי לויט דער צייט — האבען מיר געבראכט צו דער מדרגה פון א געציייג פאר אונזער גירינגקייט; מיר האבען אוועקגערויבט פון איהם זיין קראפט, האבען פארווירט זיין אומשטערבליכע נשמה — און די ציניקער זאגען איצט:

— דאס פאלק איז ברוטאל און נאריש, גרויזאם און צעלאזען!

עס איז טאקע אמת, אז יעדער איינער זעהט אין א פרעמד לאנד נאר דאס, וואס ער ברענגט מיט זיך מיט!

רעדענדיג אזוי וועגען פאלק, שטעלען זיך די ציניקער פאר יענע מאסע דעגענעראטען, וואס זיי אליין האבען פארשפרייט אין לעבען, און וועלכע זיינען סאציאל נעהנטער צו זיי און פסיכאלאגיש פארשטענדיגער, ווי דאס פאלק, וואס איז פון זיי ווייט און נישט באגרייפליך אין זיין טיף־פארבארגענעם צניעות'דיגען גייסטיגען לעבען...

דאס פאלק וואלט געקאנט ענטפערען די ציניקער מיט איוב'ס ווערטער: „פונקט ווי איהר ווייסט, ווייס איך אויך — איך בין נישט נידעריגער פון אייך. אבער איך וויל רעדען צום אלמעכטיגען, איך וויל האבען א ויכוח מיט גאט!"

דאס פאלק הויבט איצט ווידער אן קומען צום באוואוסטזיין פון זיין קראפט און זיין רעכט אויף פרייהייט, עס הויבט זיך אויף פון דער ערד, און די ציניקער באהאלטען זייערע קעפ אין זיין אנגעזיכט און, שטאמלענדיג פאר מורא, זאגען זיי איינער צום אנדערען:

— עס קומען די בארבארען... די קולטור איז אין געפאהר... אונזער קולטור!

דאס אלץ איז ליגען און פארלוימדונג, ציניזם — און ווייטער גארנישט!

איז דען די קולטור אייער ליבע און ליידענשאפט, איז זי דען אייער רעליגיע, איז זי דען הייליג פאר אייך?

זעהט, דאס פאלק גארט נאך קולטור, עס קעמפט דאך פאר איהר, און וואו זייט איהר?

אָדער איהר באהאלט זיך אוים, כדי נישט צו באטייליגען זיך אין קאמף פאר דער אויפלעבונג און פרייהייט פון גייסט, אָדער איהר געהט צוזאמע מיט די אָפענע פיינד פון פאלק קעגען דער קולטור.

איהר זאָגט א ליגען, ווען איהר זאָגט, אז איהר האָט זי ליב; איהר האָט קיין זאך נישט ליב און איהר קענט אפילו זיך אליין נישט ליב האָבען.

איהר זייט אלע געבוירען געוואָרען נאקעט און אָט־אזוי לעבט איהר, און עס איז גאָר נישטאָ אזא ליגען, וואָס זאָל קאָנען צודעקען אייער העסליכע נאקעטקייט.

בעסער וואָלט איהר געווען געבוירען ווערען עהרליכע מענ־שען אָדער גאָרנישט געבוירען ווערען, און נישט פארשוועכען מיט אייער אריינמישען זיך די שעהנע טראגעדיע פון לעבען!

און רעדט נישט וועגען שעהנקייט, ווייל איהר קאָנט נאָר פארגוואלטיגען, אָבער נישט באפרוכטען!

פרייהייט האָט ליב שעהנקייט, און שעהנקייט — פרייהייט.

זייט איהר אָבער פריי?

און זייט איהר דען שעהן?

* * *

דער ציניזם דעקט זיך אויך צו מיט דער פרייהייט, מיט דער זוכעניש פון פולער פרייהייט, — דאָס איז זיין געמיינסטע מאסקע.

די ליטעראטור זאָגט עדות דורך איהרע טאלאנטפולסטע שריי־בער, אז ווען דער קליינבירגער, שטרעבענדיג צו פולער פרייהייט, דעקט אויף זיין „איך" שטעהט אויף פאר דער געזעלשאפט א חיה.

עס ווייזט אוים, אז דאָס איז אומפארמיידליך און ווענדט זיך נישט אָן דעם ווילען פון די פארפאסער. זייער ציל איז עהרליך און קלאָר — זיי ווילען געבען א באלעהרענדיג בילד פון א מענ־שען, וואָס איז אינגאנצען פריי פון די פאראורטיילען און טראדי־ציעס, וועלכע פאראייניגען די קליינבירגער אין א געזעלשאפט און שטערען דערמיט דעם וואוקס פון דער פערזענליכקייט; זיי ווילען באשאפען א „פאָזיטיווען טיפ", א העלד, וואָס נעהמט פון לעבען אלץ און גיט גאָרנישט צוריק.

ווען דער העלד טרעט ארויס אויף די בלעטלעך פון א ראמאן, באווייזט ער מעהר אדער ווייניגער שארפזיניג זיין רעכט צו זיין דאס, וואס ער איז, באגעהט א גאנצע רייה העלדישקייטען, כדי צו באפרייען זיך פון דער געפאנגענשאפט פון סאציאלע געפיהלען און געדאנקען, און אויב די ארומיגע פערזאנען דערשטיקען איהם נישט אין צייט, אדער ער אליין הרג'עט זיך נישט, מוז ער צום סוף פון בוך אין בעסטען פאל ערשיינען פאר'ן קליינבירגערליכען לעזער, ווי א נייי־געבוירען חזיר'ל.

דער לעזער ברוגז'ט זיך, דער לעזער איז נישט צופרידען. דארט, וואו עס איז פאראן „מיינס", מוז אודאי עקזיסטירען דאס אויטאנאמישע „איך", אבער דער לעזער זעהט, אז די פולע פריי־הייט פון איין „איך" מוז פיהרען צו דער פארשקלאפונג פון אלע אנדערע פ י ר ו ו ע ר ט ע ר — אן אלטער אמת, וואס יעדער איי־נער זעהט מיט אלע מעגליכקייטען איהם צו פארגעסען.

דער קליינבירגער זעהט עס שוין צו אפט, ווייל אין דעם פראק־טישען לעבען, אין דעם טעגליכען ביטערען קאמף פאר א באקווע־מער עקזיסטענץ ווערט דער מענש אלץ הארטער און שרעקליכער, אלץ ווייניגער מענשליך.

און אין דערזעלביגער צייט זיינען אזעלכע מענשען נויטיג צו פארטיידיגען דאס היילינע און געבענשטע אייגענטום.

דער קליינבירגער איז געוואוינט איינצוטיילען די מענשען אויף העלדען און המון, אבער דער המון פארשווינדט, פארוואנד־לענדיג זיך אין סאציאליסטישע פארטייען, וועלכע דראהען אפצו־מעקען פון דעם אנגעזיכט פון דער ערד דאס קליינבירגערליכע „איך"; דער קליינבירגער רופט דעם העלד זיך צו הילף — און עס קומט א גנב'יש און גיריג באשעפעניש מיט דער פסיכאלאגיע פון א ווילדען חזיר אדער א רוסלענדישען פאמפאדור.

אבער פאר דעם דאזיגען מאנסטער, וואס איז בארופען צו פארטיידיגען דאס היילינע רעכט פון פריוואט־אייגענטום, עקזיס־טירען כלל נישט די היילינע רעכט פון מענשען און אפילו אויף פרי־וואט־אייגענטום קוקט ער אויף מיט די אייגען פון אן עראבערער.

די פילקעפיגע רויטע הידרע, פון איין זייט, און דער פייער־דיגער דראקאן, פון דער אנדער זייט, האבען צועפענט זייערע

הונגעריגע מיילער, און צווישען זיי וואַרפט זיך אין אַלע זייטען דאָס קליינע מענשעלע מיט זיין קבצנ׳ישען אייגענטום.

און כאָטש דאָס אייגענטום איז פאַר איהם, ווי קייטען פאַר א פאַראורטיילען, ווי אַ יאָך פאַר א שקלאַף, האָט ער עס אָבער ליב, דינט ער איהם געטריי און איז שטענדיג גרייט מיט דער גאַנצער קראַפט פון ליגען און שלויקייט, אויף וועלכע ער איז נאָר פעהיג, צו פאַרטיידיגען זיין גאַנצקייט און מאַכט און רעכט־צופאַרטיגען עס מיט אַלע מיטלען, אָנהויבענדיג פון גאָט און פילאָ־זאָפיע און אויסלאָזענדיג מיט תפיסות און ביקסען!

אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ווייניג, און דער קליינבירגער, דער־פיהלענדיג זיין נאָהענטען סוף, ווערט, אַ פאַרצווייפעלטער, מגולגל פון א באַשיידענעם קליינבירגער אין א קריגערישען ציניקער.

— איך וועל אויף צו להכעיס לעבען, ווי איך וויל!

און ער הויבט אָן לעבען, ווי׳ ער קאָן. ווייל ער איז דאָך נאָך אַלעמען א געזעלשאַפטליכע חיה, און ער פאַרמאָגט דעריבער די אַלע פילפאַך־אָפּגעזעצטע שיכטען פון געזעלשאַפטליכע אינ־סטינקטען און א נישט־קלאָר געפיהל פון צוגעבונדענקייט צו מענ־שען, וואָס ער רופט עס אַמאָל אָן געוויסען אָדער בושה און וואָס דערלאָזט איהם נישט צו לעבען פראַנק און פריי אַזוי מאָוס, ווי עס וואָלט זיך איהם געוואָלט.

כדי ער זאָל ביים אונטערגאַנג פון זיינע טעג קאָנען פריי מאַ־ניפעסטירען אַלע פאַרלאַנגען פון זיין צעוועהטאָגטער נשמה, אַלע באַגערען און פאַרדאָרבענקייטען פון זיין אָפּגעטראָגענעם קערפּער, געפינט ער פאַר נויטיג, נאָכגעבענדיג דער שטים פון געוויסען, צו־צודעקען זיינע העסליכקייטען מיט אַ שלייער פון העכערע מאָטיווען.

— איך זוך די לעצטע פרייהייט! — איז ער מודיע פייער־ליך, בעת ער פּרעדיגט און דעמאָנסטרירט איין־געשלעכטליכע ליבע.

און ווען ער פאַרגוואַלטיגט אינגלעך, פּראָקלאַמירט ער די אויפלעבונג פון דער העלענישער שעהנקייט און פילאָזאָפירט איבער דעם, אַז די נאַטור האָט באַשאַפען די פרוי, האָבענדיג אינזינען איהרע אייגענע צילען, אָבער איהרע צילען זיינען אַ צוואַנג פאַר׳ן מענשען, און דעריבער...

— נידער מיט׳ן צוואַנג!

ער ווארפט זיך אָבער אויך נישט מיט דער פרוי און פאר־פיהרט זי, ווי ווייט ער קאָן נאָר.

* * *

די פרוי קאָן נאָך אַלץ נישט אראָפּוואַרפען פון זיך דעם שווע־רען היפּנאָז פון דער געשיכטע; זי האָט נאָך נישט אָפּגעטויט אין איהר בלוט די זכרונות פון איהר אמאָליגער פארשקלאַפונג.

די נאַטור האָט געגעבען דעם מענשען דעם געשלעכטליכען אינסטינקט, און די פרוי האָט באשאפען די ליבע, אָבער עס ווייזט אויס, אַז זי געדענקט עס נישט; איהר זעלבסט־אַכטונג איז נאָך אַלץ צו שוואך אנטקעגען די אטאַוויסטישע איבערלעבונגען פון א שקלאַפין.

די ציניקער ווייסען דאָס און ווייסען, ווי אזוי דאָס אויסצו־נוצען. זיי זאָגען איהר צו צו אנטדעקען אין דער ליבע די גרעסטע סודות, זיי רעדען וועגען פרייהייט און נאָכאַמאָל וועגען פרייהייט; און מיט אַזעלכע אילוזיעס, וועלכע זי האָט ליב פונקט אזוי ליידענ־שאַפטליך, ווי גלאַנצענדיגע צאַצקעס, געלינגט עס זיי גאַנץ לייכט צו פארנארען זי אין דער שמוציגער פינסטערניש פון זייערע פאר־דאָרבענע גלוסטונגען.

צו פארדאַנקען איהר גוואַלטיגער פעהיגקייט צו ליבען און איהר אומאויפהערליכען שטרעבען אַלץ טיפער און שעהנער צו דערפיהלען די ליבע, גיט זי זיך לייכט אונטער די שארפע אויפ־רעגונגען פון די ציניקער, און ווען מען טראָגט איהר אונטער סם אין א שעהנעם בעכער, טרינקט זי איהם גערן אויס.

די טעטיגקייט פון די ציניקער ווערט ענערגישער פון אַלץ אָנגעפיהרט אויפ'ן געביט פון געשלעכטליכע פארהעלטענישען — פאַר זנות דארף מען קיין סך כח נישט האָבען. זיי ארבייטען אויף אָט דעם געביט מיט ערפאָלג און דערגרייכען — ווי באַ־וואוסט — גלענצענדע רעזולטאַטען, וועגען וואָס עס זאָגט אגב עדות די „מיליט.־פאָליט. קאָרעספאָנדענץ“, וועלכע מעלדעט, אַז „אין פיל דייטשישע גוואַרדייאישע רעגימענטען ווערט איינגע־פיהרט, ווי א לימוד, דאָס אויפקלעהרען די רעקרוטען מכח די גע־פאהרען און דער פארפיהרונג פון האָמאָסעקסועלער פארדאָרבענ־קייט“. איז דען דאָס נישט קיין ערפאָלג?

— איך געה אונטער, אָבער פאר מיין אונטערגעהן וועל איך פאראומרייניגען אַלץ, וואָס איך קאָן נאָר!

איך ווידערהאָל, עס קאָן זיין, אז די ציניקער טראַכטען נישט אזוי קלאָר, אָבער ווען מען זעהט צו מיט וואָס פאר א חשק זיי פארשוועכען אומעטום דאָס לעבען, מוז מען נישט־ווילענדיג דער־קלעהרען זייערע מאוס'קייטען נישט נאָר ווי א באגעהר צו פארגע־ניגענס, נאָר אויך ווי א באוואוסטזיניגער פארלאַנג צו פארדארבען אַלץ, וואָס לאָזט זיך נאָר פארדארבען.

איך בין נישט קיין מאָראַליסט, און ווען אָט די גאנצע אנאַרכיע פון נישטיגע אינסטינקטען און קראַנקען גייסט, ווען אָט די גאנצע פארפוילטקייט און שמוציגקייט וואָלט נישט אריבער די גרענעצען פון דער קליינבירגערליכער געזעלשאַפט, וואָלט עס פאר מיר געווען נישט מעהר, ווי א פראָצעס פון זעלבסט־פארניכטונג צווישען מענ־שען, וואָס זיינען גאנץ איבעריג און פיינדליך צום לעבען.

אָבער דער שטורם פון צולאָזענקייט, דער אויפריהר פון משוגע־געוואָרענע קאָן נאָך פארפלייצען דאָס טייערסטע אין לעבען — דעם טייל פון דער יוגענד, וואָס וואקסט ארוים פון די טיפענישען פון פאָלק, פון דעם גייסטיגען באָדען, און דערהויבט זיך צו זיינע גרעסטע הויכקייטען.

און אָט דערפאר נעהם איך אויף זיך די נישט־אנגענעהמע אויפגאבע צו באַלייכטען, לויט די כחות דערלויבען מיר, יענעם פראָצעס פון דער מענשליכער ירידה, וואָס די חונפים האָבען א נאָמען געגעבען די פסיכאָלאָגיע פון דער היינטיגער קולטורעלער געזעלשאַפט.

* * *

אמאָל זאָגט זיך דער ציניקער ארוים מיט שטאָלץ:

— איך וויל דערגרייכען גייסטיגע גאנצקייט, איך שטרעב צו פולקאָמענהייט...

עס איז געווים א ליגען, אָבער מען קאָן איהם גלויבען, ווייל דער טרוים וועגען גייסטיגער גאנצקייט איז א שעהנער טרוים.

אָבער אונטער'ן צייכען פון אינדיווידואַליזם ווערט אַלץ גע־געבען דערזעלביגער מעהר אָדער ווייניגער פארשטעלטער געזעל־שאַפטליכער ציניזם.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַ גאַנצען מענשען, ווי אַ וועזען, אין וועלכען אַלע געזונטע אייגענשאַפטען פון זיין פסיכאָ־פיזיק אַנט־וויקלען זיך האַרמאָניש אָהן ווידערשפּרוכען איינע צו די אַנדערע.

איז דען אַזאַ מענש מעגליך אין די באַדינגונגען פון קאַמף פאַר זאַטקייט? דער וואוקס פון יעדען „איך" מוז אומבאַדינגט געצוימט ווערען דורך דער פאַרשווענדונג פון אַלע כחות אויף דער שאַפונג און אָפּהיטונג פון אייגענטום.

אין קאַמף פאַר גייסטיגער גאַנצקייט קאָן מען דוקא נאָך מעהר באַשרענקען דעם „איך", — ספּעציאַליזירען איהם אויף צו ערפינ־דען אַלערליי מלחמה־שפּיצלעך; דערנידעריגען דעם שטאָלץ, אָבער נישט אַנטוויקלען איהם; איבערגעבען זיך אין געפאַנגשאַפט פון גיריגקייט און קנאה־שנאה, אָבער נישט אַרויסרייסען זיך אויף דער פרייהייט.

כדי צו דערגרייכען אפילו נאָר קליינע באַקוועמליכקייטען, מוז דער מענש באַגעהן גרויסע געמיינהייטען, און נאָר אין געמיינ־הייטען דערגרייכט ער די העכסטע מדרגה.

די ציניקער זיינען נישט זעהר נאַריש: זיי ווייסען, אַז אין די איצטיגע באַדינגונגען פון קאַמף פון אַלעמען קעגען אַלעמען, מוז דער מענש נישט־ווילענדיג זיך צעברעקלען.

זיי ווייסען, אַז די גייסטיגע גאַנצקייט איז אוממעגליך און די האַרמאָניזירונג פון מענשען'ס „איך" — אומדערגרייכבאַר; דער מענש האָט גאָר פאַר דעם נישט קיין צייט און קיין פלאַץ.

און דאָך רופען זיי, פאַרנאַרען און שטויסען אין אָט דער ריכ־טונג — דאָס איז איינער פון זייערע מעטאָדען צו קעמפען מיט דעם אומפאַרמיידליכען.

— די פרייהייט איז אָט דאָ! — זאָגען זיי און ווייזען דערביי אָן דעם אָרט לעבען זיך, און עס קאָן זיין, אַז דורך אָט־דעם אַראָפּ־פיהרען מענשען פון גלייכען וועג פאַרגרעסערען זיי זיך דערוויילע אין צאָהל.

די פרייהייט איז אַלע מאָל פאָראויס און אַלע מאָל ווייט!

דער עכטער אינדיווידואַליזם איז אין דער צוקונפט, נאָכ'ן סאָציאַליזם; דער מענש פון אונזער צייט קאָן איהם גאָר נישט

דערגרייכען און ער פאסט איהם פונקט אזוי נישט, ווי א ריטער־ליכער פאנצער פאסט נישט קיין הויקער.

נישט „איך“, נאר „מיר“ — אט דאס איז דער אנהויב פון פערזענליכער פרייהייט! כל זמן עס וועט עקזיסטירען עטוואס „מיינס“, וועט דאס „איך“ זיך נישט קאנען ארויסרייסען פון די שטארקע לאפעס פון דעם דאזיגען מאנסטער, סיידען עס וועט באקומען פון פאלק אזוי פיל כח, אז עס זאל קאנען זאגען דער גאנצער וועלט:

— דו ביזט מיינע!

דעמאלט וועט דער מענש זיך, ענדליך, דערפיהלען, ווי די פארקערפערונג פון גאר דער עשירות און שעהנקייט פון דער וועלט, פון דער גאנצער ערפאהרונג פון דער מענשהייט, און גייסטיג־גלייך צו אלע זיינע ברידער!

די גאנצע פערזענליכקייט וועט מעגליך זיין נאר דאן, ווען עס וועלען פארשווינדען די העלדען און עס וועט נישט זיין קיין המון, ווען עס וועלען קומען מענשען, וואס זיינען פארבונדען איינע מיט די אנדערע דורך א געפיהל פון גגענזייטיגער אכטונג.

דאס דאזיגע געפיהל דארף געבוירען ווערען פון די זכרונות וועגען דער קאלעקטיווער ארבייט, וואס דאס פאלק האט אויפגעטאן פאר זיין אויפלעבונג. דאס דאזיגע געפיהל דארף פארשטארקט ווערען דורך דעם באוואוסטזיין פון גלייכער ערפאהרונג און דער סאלידאריטעט פון אויפגאבען פאר יעדען איינעם באזונדער און פאר אלעמען צוזאמען.

און מיט דער צייט וועט דאס דאזיגע געפיהל פון אכטונג צו מענשען ווערען א רעליגיע, ווייל די רעליגיע פון דער מענשהייט דארף זיין די שעהנע און טראגישע געשיכטע פון איהרע העלדען־מעשים און ליידען אין דעם אומענדליכען גראנדיעזען קאמף פאר דער פרייהייט פון גייסט און דער מאכט איבער די נאטור־קרעפטען.

# צוויי נשמות.

די קאטאסטראָפע, וואָס די וועלט האָט נאָך אזא קיינמאָל נישט איבערגעלעבט, טרייסעלט איצט אויף און מאַכט חרוב דאָס לעבען פון די אייראָפּעאישע פעלקער; דאָס זיינען גראָד יענע פעלקער, וואָס האָבען מיט דער הילף פון זייערע גייסטיגע כחות געשטרעבט און שטרעבען צו באפרייען דעם יחיד פון דער פינ־סטערער ירושה, וואָס איז פארבליבען פון דעם אוראַלטען מזרח, פון דעם מזרח מיט זיינע אָפּגעלעבטע פאנטאזיעס, וואָס אונטער־דריקען דעם שכל און ווילען, ווי מיסטיק, אבערגלויבענס, פעסימיזם און אנארכיזם, — די אומפארמיידליכע פראדוקטען פון יאוש'דיגער באציהונג צום לעבען.

דער מזרח, ווי באוואוסט, איז א וועלט, וואו די עמאָצי־אָנעלע, זינליכע עלעמענטען דאָמינירען איבער די עלעמענטען פון דעם אינטעלעקט און שכל; דער מזרח גוסטירט צו ספעקולאטיווען דענקען מעהר, ווי צו פאָרשונגען, צו מעטאפיזישע דאָגמאטען מעהר, ווי צו וויסענשאפטליכע היפּאָטעזען. דער אייראָפּעער איז א האר און באַלעבאָס פון זיין געדאנק; דער מזרח-מענש איז א שקלאף און דינער פון זיין פאנטאזיע. דער דאָזיגער אוראַלטער מענש איז געווען דער באשאפער פון די מעהרסטע רעליגיעס, דער באגרינדער פון דער סאמע טונקעלער מעטאפיזיק; ער פיהלט, אָבער ער פאָרשט נישט, און זיין פעהיגקייט צוצוגעבען זיין ער־פאהרונג א וויסענשאפטליכע פאָרם איז פארהעלטניסמעסיג זעהר קליין.

דער מזרח וואָס גיט זיך מיט הכנעה אונטער יעדער מין קראפט, האָט פארנומען מיט די חושים און געדאנק די נאַטור־כחות און זיך אָהן ווילען אונטערגעוואָרפען אונטער זיי און זיי פארגע־טערט, בעת די מענשען פון מערב־אייראָפּא באהערשען מיט דער

הילף פון פארשונגען די נאטור־כחות און שטרעבען אונטערצו־וואַרפען זיי די אינטערעסען און שכל פון דעם מענשען.

די אויפגאבע פון דער אייראָפּעאישער וויסענשאַפט באשטעהט טאקע אין צווינגען די נאטור־כחות צו ארבייטען פאר'ן מענשען, צו באפרייען די פּערזענליכקייט פון דער געפאנגענשאפט פון דאָגמען, איבערגלויבענס, פאראורטיילען, פון דעם קלאמער פון צוואנג־אר־בייט, און צו פארוואנדלען די באפרייטע פיזישע ענערגיע אין א גייסטיגע.

פון דעם האָט דער מזרח גאָרנישט געוואוסט, און ערשט פון לעצטען יאהרהונדערט אָן האָבען די מענשען און לענדער פון אזיע, וואס פארמאָגען א פיינערען חוש, אנגעהויבען איבערנעמען די ווי־סענשאפטליכע ערפאהרונג פון אייראָפּא, איהרע מעטאָדען פון דענקען און איהרע פאָרמען פון טעטיגקייט.

דער תוך פון דער אָריענטאלישער לעבענס־אויפפאסונג קאָן לייכט פאָרמולירט ווערען אזוי: דער מענש איז אויך אייביג אונטער־געוואָרפען עפּיס אַן אומבאגרייפליכער קראפט; מען קאָן זי מיט'ן שכל נישט משיג זיין, און דעם מענשען'ס ווילען איז פאר איהר נאָרנישט. פאר דער אייראָפּעאישער וויסענשאפט איז דאָס אומ־באגרייפליכע נאָר פאָרלויפיג אומבאגרייפליך.

„קיסמעט,*) זאָגט דער מאכמעדאנער, אונטערוואַרפענדיג זיך מיט הכנעה דעם שיקזאל, און דער אייראָפּעער ראָמען ראָלאַן זאָגט ארויס מיט שטאָלץ: „דער פראנצויז ווייס נישט פון קיין שיקזאל".

דאָס איז נישט אינגאנצען ריכטיג: דער מערב ווייס פון שיקזאל, קעמפט מיט זיכערקייט קעגען איהם, און פיהלענדיג זיך בארופען צו זיגען איבער'ן שיקזאל, ציהט ער ביסלעכווייז אויך אריין דעם מזרח אין דעם דאָזיגען גרויסען קאמף. דער מערב באטראכט דעם מענשען פאר דעם העכסטען ציל פון דער נאטור און פאר אַן אָרגאַן, דורך וועלכען זי דערקענט זיך אליין, אנטוויק־לענדיג אומענדליך אלע אייגענשאפטען פון דעם דאָזיגען אָרגאַן;

*) אַן אָריענטאלישער אויסדרוק צו באצייכענען דעם מענשען'ס מזל אויף דער ערד.—איבערז.

פאר'ן מזרח האָט דער מענש פאר זיך אליין קיין שום ווערט און באטרעף נישט.

פּרואווענדיג איינצוזאמען די צופיל-אנטוויקעלטע זינליכקייט, האָט דער מזרח באשאפען דעם אסקעטיזם, דאָס מאָנאסטיר־לעבען, די נזירות און אלע אנדערע פאָרמען פון אנטרינען פון לעבען און פון זיין פארנייינונג. טאבאק, אָפּיום און אנדערע נארקאָטישע מיטלען, וואָס זייער ציל איז צו פארשטארקען אָדער אָפּצושוואכען די עמאָציעס, זיינען אויך באליבט אין מזרח, און ווערען פון דאָרט פארשפּרייט איבער דער וועלט. פאר דעם מידען, הגם שטארק־פיהלענדיגען מענשען פון די מזרח־לענדער, זעהט דאָס ערדישע לעבען אויס צו זיין אילוזאָריש און אָהן א זין, און זיין איבער־צייגט־זיין אין דער מעגליכקייט פון א לעבען נאָכ'ן טויט באוועגט איהם צו גרייטען זיך נאָך ביים לעבען צו דער רוה פון גן־עדן, ווי דאָס האָבען געטאָן די נזירים פון טעבאאיס, ווי דאָס טוען די אסקעטען פון אינדיע און אונזערע סעקטאנטען־מיסטיקער.

פון מזרח שטאמט דאָס מסרס־זיין, וואָס שטרעבט אָפּצושטע־לען דאָס פארמערען זיך פון דעם מענשליכען מין, און דאָס אנאר־כישע „אנטרינען" און „ארומבלאָנקען" זיך, וואָס לייקענט אָפּ אלע פאָרמען פון סאָציאלער און פּאָליטישער אָרגאניזאציע.

די רעליגיעזע אומטאָלעראנץ און פאנאטיזם זיינען אויך פּראָדוקטען פון די אָריענטאלישע עמאָציעס, און הגם די דאָזיגע עמאָציעס זיינען כמעט אלע איבערגעגעבען געוואָרען אויך די אריער פון מערב, זיינען זיי אָבער נישט כאראקטעריסטיש פאר דער מערב־קולטור; א געזונטער מענש קאָן זיך אויך אָנשטעקען מיט קרעציגקייט, אָבער די קרעציגקייט איז א קראנקהייט, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין מזרח.

פאר איירָאָפּא איז כאראקטעריסטיש די שארף־אויסגעדריק־טע אקטיוויטעט פון איהר לעבען, פון איהר קולטור, וואָס האלט זיך אויף פאָרשונג און טעטיגקייט; די יסודות פון דער אוראל־טער אָריענטאלישער קולטור זיינען איינבילדונגען און דאָגמאטען.

דער מזרח־מענש דערוואַרט זיין אייביג גליק און רוה אויסער די גרענעצען פון דער ערד, אין דער הערשאפט פון דער פאנטאזיע;

דער איירא‎ָפּעער וויל דערגרייכען זיין לאַנג ־יאָהריג גליק אויף דער ערד.

דאָס ציל פון דער אייראָפּעאישער קולטור איז צו זיין א פּלאַנעטארישע קולטור, צו פאראייניגען אין איהר ארבייט און אין איהרע אידעען די גאַנצע מענשהייט פון אונזער פּלאַנעט.

די לאָזונגען פון אייראָפּא זיינען — גלייכהייט און פריי־הייט אויף די יסודות פון פאָרשונג, וויסען און טעטיגקייט.

סאָדי, דער ראדיאַקטיוויסט, אָפּשעצענדיג דעם איצטיגען צושטאנד פון דער אייראָפּעאישער וויסענשאפט, זאָגט אזוי: „מיר האָבען א געזעצליך רעכט צו גלויבען, אז דער מענש וועט באקומען די מאכט אָנצואווענדען פאר זיינע אייגענע צילען די אורשפּרינגליכע קוואַלען פון ענערגיע, וואָס די נאטור היט אזוי אייפעריג אָפּ פאר דער צוקונפט". „צו פאַרדאנקען דעם פראָג־רעס פון דער פיזיק, געפינען מיר זיך איצט אויף א ווענד־פּונקט פון דער ארויף־שטייגענדיגער באוועגונג פון דער ציוויליזאציע, מאַ־כענדיג דעם ערשטען שריט אויף דעם נידעריגען שטאפּעל פון דעם ארויף־געהענדיגען אָפּצווייג. פאר אונז, הגם נאָך אַלץ אין דער אומבאַשטימטער ווייטקייט, ליגט דער וועג ארויפצו צו דער פיזי־שער מאכט איבער דער נאטור; דער דאָזיגער בארג־ארויף ציהט זיך ווייט אריבער די גרענעצען פון די מענשליכע טרוימען, פון די טרוימען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין וואָסער־עס־איז פילאָ־זאָפישער סיסטעם. די דאָזיגע מעגליכקייטען פון א נייער אָרד־נונג, פון בעסערע לעבענס-באדינגונגען, ווי די, וואָס זיינען אמאָל פאָראויסגעזאָגט געוואָרען, — זיינען נישט קיין צוזאָגען פון אַן אַנדער וועלט. זיי עקזיסטירען אין ד ע ר וועלט, מען דארף פאר זיי מלחמה האַלטען און קעמפען, כדי ארויסצורייסען זיי פון דעם שטייפען קלאמער פון דער נאטור, ווי עס זיינען אין דער פאר־גאַנגענהייט ארויסגעריסען געוואָרען אַלע אונזערע ערפאָלגען, אונ־זער ציוויליזאציע, דורך דער קאָלעקטיווער מארך־ארבייט פון דער מענשהייט, וואָס ריכטעט און פארפילפאכט די אומבאַדייטענדע קראפט פון דעם איינצעלנעם מענשען".

דאָס איז א שלאָג־וואָרט פון אַן אייראָפּעער, וואָס איז זיכער אין דער שאפונגס־קראפט פון זיין ווילען און שכל.

דער כינעזער לאָ־סי לערנט אזוי:

„דאָס איינציגע, פאר וואָס איך האָב מורא, איז צו זיין טע־טיג. יעדער איינער דארף זיין פאסיוו. פּאסיווקייט איז ניצליכער פון אלץ, וואָס עס איז פאראן צווישען דעם הימעל און דער ערד. ווען אלע וועלען ווערען פּאסיוו, וועט אויף דער ערד אָנקומען די אמת'ע רוהיגקייט".

אָט־דאָס איז דער שארפער ווידערשפּרוך צווישען מזרח און מערב. און אָט־די אייגענארטיגקייט פון דעם מזרח־געדאנק, די אייגענאַרטיגקייט, וואָס איז ארויסגערופען געוואָרען דורך יאוש, איז איינע פון די הויפּט־סבות פון דער פּאָליטישער און געזעל־שאפטליכער פארגליווערטקייט פון די אזיאטישע מלוכות. מיט אָט־דער דערשלאָגענקייט פון דער פּערזענליכקייט, איהר אָנגע־שראָקענקייט און נישט־פארטרויליכקייט צו דער קראַפט פון שכל און ווילען ווערט דערקלערט דער תהו ובהו פון דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען לעבען פון מזרח.

עס פארשטעהט זיך, אז דער מזרח איז אויך אקטיוו אויף זיין שטייגער, אָבער זיין אקטיוויטעט איז א געצוואונגענע, זי ווערט ארויסגערופען דורך דער בייזער נויט, — דער מזרח־מענש וויים נישט, וואָס הייסט הנאה האָבען פון דעם פּראָצעס פון אר־בייט, ער וויים נישט פון דער פּאָעזיע און פּאַטאָס פון טעטיגקייט.

די מערב־מענשען זיינען שוין לאנג דערגאנגען צו פארשטעהן דעם פּלאנעטארישען זין פון ארבייט, די טעטיגקייט איז פאר זיי די איינציגע קראפט, וואָס קאָן באפרייען דעם מענשען פון דער געפאנגענשאפט פון פארצייטיגע איבערבלייבענישען, פון דעם דרוק פון מאדינגונגען, וואָס שטערען דער פרייער אנטוויקלונג פון מענ־שען'ס גייסט.

אין מערב איז די ארבייט דער אויסדרוק פון דעם קאָלעקטי־ווען ווילען פון מענשען צו שאפען אזוינע לעבענס־פאָרמען, וואָס זייער ציעל איז — אומענדליך אויסצוברייטען דעם געביט פון אָנ־ווענדען דעם מענשען'ס ענערגיע אין קאמף מיט דער נאטור, כדי צו לאָזען די נאטור־כחות דינען דעם ווילען און די אינטערעסען פון דעם מענשען.

איך וויל דאָ קלאָר מאכען, אז ווען איך שטעל אוועק דעם

מזרח אנטקעגען דעם מערב, האב איך גארנישט אין זינען וועלכע עס־איז „מעטאפיזישע עסענץ" אדער „ראסען־באזונדערקייטען", וואס זיינען כלומרשט ארגאניש פארבונדען מיט'ן מאגוגאל, אריער, סעמיט, און טיילען זיי פאנאנדער אויף אייביג.

ניין, איך גלויב צו טיעף אין די כחות פון שכל, פארשונג און טעטיגקייט, אז איך זאל דאס דערוויילינגע באטראכטען פאר אייביגס. די סעמיטען זיינען אויך מזרח־מענשען, אבער ווער וועט אפלייקענען זייער גרויסען טייל, וואס זיי האבען אריינגעלעגט אין דעם אויפבויען פון דער איירָאפעאישער קולטור, ווער וועט גאר צווייפלען אין זייערע גרויסע שעפערישע פעהיגקייטען, אין זייער ליבע צו טעטיגקייט?

איך שטעל נאר אוועק איינס אנטקעגען דאס אנדערע צווייערליי לעבענס־אויפפאסונגען, צוויי ארטען דענקען, צוויי נשמות. זייער תוך איז איין־און־דערזעלביגער — דאס שטרעבען צום גוטען, צו דער שעהנקייט פון לעבען, צו דער פרייהייט פון גייסט. אבער מחמת א גאנצע רייה קאמפליצירטע אורזאכען האט דער גרעסטער טייל פון דער מענשהייט זיך נאך נישט באפרייט פון דער פארצייטיגער מורא פאר די סודות פון דער נאטור, האט זיך נאך נישט דערהויבען צו דער זיכערקייט אין דער קראפט פון זיין ווילען, פיהלט זיך נאך נישט פאר דעם הערשער פון זיין פלאנעט און האט נאך נישט אפגעשעצט דעם תוך פון דער ארבייט, ווי דעם אנהויב פון אלע אנהויבען.

עס קאן נישט זיין קיין צווייפעל אין דעם, אז די דרויסענדיגע לעבענס־באדינגונגען פון מזרח האבען פון קדמונים אן געווירקט און ווירקען נאך ביז היינטיגען טאג אויפ'ן מענשען, אונטערדריקענדיג זיין פערזענליכקייט, זיין ווילען. נאר די באציהונג פון דעם מענשען צו טעטיגקייט באשטימט זיין קולטורעלע באדייטונג, זיין ווערט אויף דער ערד.

* * *

די געדאנקען, וואס זיינען אויבען ארויסגעזאגט געווארען, זיינען, פארשטעהט זיך, נישט ניי; דאס נישט־קאנען שלום־מאכען צווישען די וועלט־אויפפאסונגען פון מזרח און מערב איז שוין נישט

איינמאָל אונטערגעשטראָכען געוואָרען, און נאָך פיל קלאָרער און שאַרפער, ווי איך האָב עס געטאָן.

אפילו די דענקער פון דער מוסולמאַנישער וועלט אנערקענען די העכערקייט פון דער מערב־אייראָפּעאישער קולטור און פאַר־שטעהען די טונקעלע זייטען פון דער אָריענטאַלישער קולטור.

קאַסים אמין, וואָס ווערט אָנגערופען „דער לוטער פון מזרח", זאָגט אין זיין בוך „ד י נ י י ע פ ר ו י" אזוי: „די חלוקי דעות צווישען אונז און די מערב־מענשען קומען ארוים דערפון, וואָס זיי האָבען פאַרשטאַנען דעם מענשען'ס נאַטור און אכטען זיין פערזענליכקייט". ער אנערקענט אויך, אז „די אורזאַך, וואָס האָט אָפּגעשטעלט דעם פּראָגרעס פון דער ציוויליזאַציע אין מזרח און האָט די גאַנצע באַוועגונג פון לעבען באַשרענקט מיט איין קרייז, אָהן דער מעגליכקייט ארויסצוגעהן פון איהם", — די דאָזיגע אור־זאַך איז געווען „דער כראָנישער דעספּאָטיזם". מואַלים האדזשי, א טערק, א ליטעראַט, האָט נאָך אין די 80־גער יאָהרען געשריבען צו אנדזשעלאָ גובערנאַטים: „מיר ווּלען זיך נישט איילע־נען צו פאַרשטעהן איינע די אַנדערע, ביז וואַנען צווישען אייך אין אונז יועט שטעהן א וואַנט פון רעליגיעזען פאַנאַטיזם".

די קריטישע און נעגאַטיווע באַציהונג פון די דענקער פון מזרח צו די יסודות פון זייער קולטור האָט זיך אָנגעהויבען נאָך אין דעם 17טען יאָהרהונדערט, נאָך דער נידערלאַגע פון די טערקען אונ־טער וויען. שוין פון דעמאָלט אָן האָבען זיך אין מזרח פון צייט־צו־צייט אָנגעהויבען דערהערען איינציגע שטימען, וואָס פאַרדאַמען די פוילקייט, די אומבאַוועגליכקייט און די פאַסיווע באַציהונג צום לעבען.

אין „קיטאַבע־אַקדעס", דעם הייליגען ספר פון די באַבידען, לערנט דער פסוק 70 אזוי: „אָ, מענשען, יעדער איינער פון אייך מוז זיך מיט עפּעס באַשעפטיגען, — מיט א פאַך, האַנ־דעל און דאַסגלייכען".

דער פסוק 72 לויטעט: „די פאַרהאַסטעסטע ביי גאָט זיי־נען די, וואָס זיצען און בעטען; הערט נישט אויף צו ארבייטען".

נאָך ווייטער געהט בעכא־אולא, דער מחבר פון קיטאַבע־אַקדעס,

אין זיין געשפּרעך מיט ע. ג. בראַון: „מיר ווילען, — זאָגט ער, — אַז אַלע פעלקער זאָלען קומען צו איין גלויבען און די מענשען זאָלען ווערען ברידער; אַז די רעליגיעזע צעטיילונג זאָל מעהר נישט זיין און עס זאָל פאַרניכטעט ווערען די פאַרשיידענקייט צווי־שען נאַציאָנאַליטעטען. רייסערייען, בלוט־פאַרגיסונגען און קריגע־רייען דאַרפען זיך ענדיגען, און אַלע מענשען וועלען ווערען איין משפּחה. זאָל דער מענש זיך ניט גרויסען מיט דעם, וואָס ער האָט ליב זיין פאָטערלאַנד, נאָר מיט דעם, וואָס ער האָט ליב דעם מענשליכען מין!"

אין די 50־גער יאָהרען פון 19־טען יאָהרהונדערט האָט מען די באַבידען אויסגע'הרג'עט, פאַרפייניגט, זייערע פיהרער אויסגעראָ־טען, און דער פּראַקטישער איינפלוס פון די מערב־אייראָפּעאישע אידעען אויף דער געזעלשאַפטליכקייט פון מזרח איז ווידער געוואָ־רען אומבאַדייטענד און גאָרנישט קענטיג ביז דעם אָנהויב פון 20טען יאָהרהונדערט. דאָס פּרעדיגען וויסענשאַפטליכען דענקען אין טערקיי, פּערסיע און כינע, — נישט רעדענדיג שוין וועגען מאָנ־גאָליע, — האָט נאָך ביז היינטיגען טאָג נישט געבראַכט קיין ממשות'דיגע רעזולטאַטען און איז מעהר נישט, ווי אַ מין לאָזען שטראַלען אין לעדיגען רוים.

די דאָזיגע טרויעריגע ערשיינונג דערקלער איך מיט די באַ־זונדערע אייגענשאַפטען פון דעם מזרח-געדאַנק, וואָס איז געווענדט ניט צום לעבען, ניט צו דער ערד און טעטיגקייט, נאָר צו די הימ־לען און רוה. דער באַריהמטער שרייבער און סאָציאַליסט־פּאַביאַ־נער, הערבערט אועלס, האָט אין זיינער אַ רעדע, געהאַלטען דעם 24טען יאַנואַר, 1902, אין דעם לאָנדאָנער אינסטיטוט פאַר שטו-דירען דעם מזרח, געמאַכט אַ באַלערענדיגען פאַרגלייך צווישען די צוויי טיפּען פון מענשליכען גייסט:

„עס זיינען פאַראַן צוויי טיפּען פון גייסט, וואָס שיידען זיך דערהויפּט אָפּ איינער פון דעם אַנדערען מיט זייער באַציהונג צו דער צייט, מיט דעם, וואָס פאַר אַ באַדייטונג זיי גיבען צו צו דער פאַרגאַנגענהייט און דער צוקונפט. דער ערשטער טיפּ, וואָס איז, ווי עס זעהט אויס, דער דאָמינירענדיגער און איז בנמצא ביי דאָס

רוב מענשען, טראכט גאַרנישט וועגען דער צוקונפט, קוקט אויף איהר, ווי אויף עפּעס אַ טונקעלען „נישט־זיין“. די געגענוואַרט רוקט זיך אָן, לויט׳ן באַגריף פון אַ ט־די מענשען, אויף דער צוקונפט און שרייבט אויף איהר די געשעהענישען. דער צווייטער טיפּ, וואָס איז נייער און ווערט זעלטענער באַגעגנט, קאָנצענטרירט זיין אויפמערקזאַמקייט הויפּטזעכליך אויף דער צוקונפט, און שטעלט זיך אָפּ אויף דער פאַרגאַנגענהייט און דער געגענוואַרט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די צוקונפטיגע ערשיינונגען ווענדען זיך אָן זיי“.

„לויט דעם שטאַנדפּונקט פון דעם ערשטען טיפּ, שניידען מיר אין לעבען נאָר דאָס, וואָס מיר האָבען פּאַרזייט אין דער פאַרגאַנגענהייט, און לויט׳ן שטאַנדפּונקט פון דעם צווייטען, דינט דאָס לעבען אויף צוצוגרייטען און איינצואָרדנען די צוקונפט“.

„להיפוך צו דעם ערשטען פּאַסיווען טיפּ, איז דער צווייטער אַן אַקטיוועער צושטאַנד פון גייסט; דאָס איז דער גייסט פון יוגענד, וואָס מען טרעפט אָפטער ביי די מערב־פעלקער, בעת דער ערשטער איז דער גייסט פון דעם אַלטען מזרח“.

יעדען מאָל, ווען מערב־אייראָפּאַ ווערט מיד פון דעם אומאויפהערליכען בויען נייע לעבענס־פאָרמען, און לעבט איבער יאָהרען פון אויסגעמאַטערטקייט, שעפּט זי פון מזרח די רעאַקציאָנערע אידעען און שטימונגען. „דאָס ליכט קומט פון מזרח!“

* * *

די קלאָרע און שטענדיגע שטריכען פון יעדער רעאַקציע דריקען זיך אַלע מאָל אויס אין דעם, וואָס די זיגער הויבען אָן מורא האָבען פאַר׳ן שכל, מיט וועלכען זיי האָבען זיך באַנוצט, ווי מיט אַ וואָפע, וואָס זיין קראַפט איז זיי גוט באַוואוּסט; די באַזיגטע, פון זייער זייט, צווייפלען אין דער קראַפט פון שכל, וואָס זיין אַלוועלטליכע שעפערישע באַדייטונג איז זיי נישט אינגאַנצען קלאָר, ווייל דאָס פאָלק איז דאָך אַלע מאָל דער באַזיגטער, און איהם, ווי באַוואוּסט, מאַכט מען נישט זעהר גערן באַקאַנט מיט דער מאַכט פון שכל און וויסענשאַפט. די מורא פאַר׳ן שכל רופט ביי די זיגער

ארויס א שטרעבונג צו ברעכען זיינע כחות: זיי הויבען אן רעדען וועגען דער באשרענקטקייט פון שכל, וועגען דעם, אז די פאר־שונג איז נישט אימשטאנד צו באשיידען די סודות פון לעבען, און זיי שטעלען אויפ׳ן ארט פון פארשונגען אוועק דאס ספעקו־לאטיווע דענקען. מען קאן רעכענען, אז דאס ווערט באוואוסט־זיניג און נישט־באוואוסטזיניג געפערדיגט, כּכדי נאך מעהר צו פארשטארקען דעם צווייפעל פון די באזיגטע אין דער קראפט פון שכל.

די געשיכטע רעכטפארטיגט און באשטעטיגט דעם דאזיגען בליק.

מיר ווילען נעהמען די אייראפעאישע רעאקציע פון אנהויב 19טען יאהרהונדערט, ווען אייראפא, אנגעשראקען פון דער גרויסער רעוואלוציע, איז אונטערדריקט געווארען פון נאפאלעאנ׳ס דעספאטיזם און איז באלד נאכדעם ארונטערגעפאלען אונטער דעם נאך שווערערען יאך פון דעם „הייליגען פארבאנד”, וואס איז גע־גרינדעט געווארען קעגען „פריידענקעריי, אטעאיזם און פאלשער געלערנטקייט”. אין דער ספערע פון געדאנק האט מען זיך דער־מאלט „דערשראקען פאר דער אלמעכטיגער הערשאפט פון דעם שכל, וואס איז פראקלאמירט געווארען פון דער מאטעריאליסטי־שער פילאזאפיע פון 18טען יאהרהונדערט; אין דער ספערע פון פראקטישען לעבען און פאליטיק האט מען זיך דערשראקען פאר דער זעלבסטהערשאפט פון פאלק, וואס איז פראקלאמירט געווארען פון רוסא”.

אויפ׳ן באדען פון אט־דעם שרעק און אנטוישונג פון דער בורזשואזיע אין איהר פעהיגקייט צו נעהמען אין איהרע הענט די גאנצע מאכט, האט זי (די בורזשואזיע) דערפיהלט אן עקעל צו דער ווירקליכקייט, וואס האט אפגענארט איהרע האפנונגען, און איהר ליטעראטור האט זיך איבערגעגעבען אין דער מאכט פון ראָ־מאנטיזם. דער יסוד פון ראמאנטיזם איז דאס קרענקליך־אנטוויקעלטע „איך”, וואס ווערט פון די ראמאנטיקער אוועקגעשטעלט העכער פון אלע וועלט־ערשיינונגען, העכער פון דער גאנצער וועלט, אין דער פאזיציע פון א געטליכען מחוקק. די פערזענליכ־

קייט האָט נישט, לויט דער איבערצייגונג פון א ראָמאַנטיקער, קיין שום שייכות מיט דער וועלט און ווערט נישט אונטערגעוואָר־פען דער איינפלוס פון דער ווירקליכקייט. עס איז זעהר מעגליך, אז אין דער טיפעניש פון אַזאַ איבערצייגונג איז געלעגען דער ביישפיל פון נאַפּאָלעאָנ׳ען, וואָס איז אין עטליכע יאָהר צייט אויס־געוואָקסען פון א לייטענאַנט ביז אַן אימפּעראַטאָר, האָט איינגע־נומען גאַנץ אייראָפּאַ און פון פּשוט׳ע סאָלדאַטען געמאַכט מאַר־שאַלען און קעניגען.

די דאָזיגע באַציהונג פון דעם ראָמאַנטיקער צו זיך און צו דער וועלט ווערט זעהר שאַרף און געטרוי אויסגעדריקט פון פ. מ. דאָסטאָיעווסקי׳ן אין „די מעמוארען פון אונטער דער ערד“, א ווערק, אין וועלכען עס זיינען צוזאַמענגענומען אַלע גרונט־אידעען און מאָטיוועז פון זיין שאַפען.

„דער אייגענער פרייער און צעלאָזענער ווילען, דער אייגענער קאַפּריז, מעג ער אפילו זיין דער ווילדסטער, די אייגענע פאַנטאַ־זיע, מעג זי צייטענווייז אויפגערעגט ווערען אפילו ביז משוגעת, — אָט־דאָס אַלץ איז דאָס איינציגע גוטע, וואָס פּאַסט זיך נישט אריין אין קיין שום קלאַסיפיקאַציע און פון וואָס אַלע סיסטעמען און טעאָריעס ווערען שטענדיג פאַנאַנדערגעפלויגען צום טייוועל“. „איך האַלט זיך ביי מיין קאַפּריז און ביי דעם, אַז ער זאָל מיר גאַ־ראַנטירט ווערען, ווען דאָס וועט נויטיג זיין“. „איך בין פאַר דעם, אַז מען זאָל מיך לאָזען צורוה, איך וואָלט די גאַנצע וועלט פאַר־קויפט פאַר א גראָשען. זאָל די וועלט אונטערגעהן, אָדער איך זאָל טרינקען טיי? איך וועל זאָגען, אַז די וועלט זאָל בעסער אונ־טערגעהן און איך זאָל אַלע מאָל קאָנען טרינקען טיי“.

אין אָט־דעם פרעדיגען פרייען נישט־געצוימטען עגאָאיזם איז טיף פאַרבאָרגען די פאַרצווייפלונג פון דער פערזענליכקייט, וואָס קאָן זיך נישט באַהעפטען מיט דער וועלט און איז פון איהר אָפּ־געריסען, דאָס איז דער אַנאַרכיזם פון פאַרצווייפלונג, צו וואָס די שטימונג פון די ראָמאַנטיקער איז שטענדיג מסוגל. די איבער־צייגונג אין דעם רעכט פון דער פערזענליכקייט אויף אומבאַ־שרענקטען עגאָאיזם עפענט פון איין זייט א וועג פאַר׳ן ראָמאַנ־

טיקער צו אנארכיזם און פרינציפּענלאָזיגקייט, און פון דער אַנ־דער זייט מוז זי איהם פיהרען צו דער אידעאַליזירונג פון זעלבסט־הערשאַפט, מאָנארכיזם.

פון די, וואָס זיינען גלייך צו זיי, קאָנען די ראָמאַנטיקער נישט אָננעהמען קיינעם פאר א פיהרער, און נאָוואַליס, איינער פון די דייטשישע ראָמאַנטיקער, זאָגט גלייך: „דער קעניג — דאָס איז א מענש, וואָס פיהרט אויף דער ערד דורך די ראָלע פון דער געט־ליכער השגחה".

אָט זיינען די ארגומענטען פון די ראָמאַנטיקער: שאַטאָב־ריאַן, דער פראנצויזישער שרייבער, זאָגט: „צו וואס דארף דער פויער קענען כעמיע? ביים פאָלק איז פאראַן מעהר פארשטאַנד, ווי ביי די פילאָזאָפען, — דאָס פאָלק לייקענט נישט אין קיין נסים. וואָס מען זאָל נישט זאָגען, עס איז א פיינע זאך צו געפינען זיך שטענדיג צווישען וואונדער".

דאָס איז געווען א גאַנץ באוואוסטזיניגער רעאַקציאָנער, וואָס האָט אַלע זיינע כחות אוועקגעגעבען פאר דעם קאַמף קעגען דער פילאָזאָפיע פון שכל, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען פון די שריי־בער פון דעם 18־טען יאָהרהונדערט. זיין לאָזונג: „מען מוז זיך אומקערען צוריק צו די רעליגיעזע אידעען" איז נישט לאַנג צוריק פּראָקלאַמירט געוואָרען פון א גרופּע רוסישע אינטעליגענטען. אין א בריף צו זיינעם א פריינד, אויך א רעאַקציאָנער, דע־מעטר, האָט ער געשריבען: „אַלץ איז פארהוילט און נישט־באַגרייפליך אין דער וועלט. דער אייביגער שיקזאַל האָט אוועקגעשטעלט דעם פאַטום און דעם טויט אויף צוויי עקען פון אונזער וועג און האָט פון דער הויך פון זיין טראָן אריינגעוואָרפען אונזער לעבען אין דער פוסטקייט פון צייט, כדי עס זאָל לויפען אָהן א גרונט און אָהן א זין".

„דאָס לעבען איז די קראַנקהייט פון גייסט! — זאָגט נאָ־וואַליס — זאָל דאָס חלומ'ען זיין אונזער לעבען!" אַן אַנדער שרייבער, טיק, זאָגט נאָך איהם: „חלומות זיינען אפשר אונזער העכסטע פילאָזאָפיע". די דאָזיגע געדאַנקען זיינען אויך נישט איינמאָל ארויסגעזאָגט געוואָרען אין דער רוסישער ליטעראַטור פאַר די לעצטע יאָהרען.

די ראָמאַנטיקער פון אָנהויב 19־טען יאָהרהונדערט האָבען גוסטירט צו דעם פרייען שפּיל פון דער פאַנטאַזיע מעהר, ווי צו דער פּראַקטישער טעטיגקייט, צום ספּעקולאַטיווען דענקען מעהר, ווי צו פאָרשונגען, צו דער רעליגיע מעהר, ווי צו דער וויסענשאַפט, צום גלויבען מעהר, ווי צום שכל.

זייער צייט־חבר, דער גרויסער פּאָעט און דענקער געטע, האָט דעפינירט דעם ראָמאַנטיזם אַזוי:

„דאָס קראַנקהאַפטיגע רוף איך אָן ראָמאַנטיזם. דאָס רוב נייעסטע ווערק זיינען ראָמאַנטיש, אָבער נישט דערפאַר, ווייל זיי זיינען ניי, נאָר מחמת זייער שוואַכקייט, בלוט־אָרעמקייט און קרענקליכקייט".

און דער ליטעראַטור־היסטאָריקער יאַהאַן שער האָט געזאָגט, אַז „רעאַקציע און ראָמאַנטיזם זיינען צוויי גלייך־באַדייטענדיגע באַגריפען".

דער דענישער ליטעראַטור-היסטאָריקער, דער באַריהמטער בראַנדעס, דער, וועמען מען האָט נישט אַריינגעלאָזט קיין רוס־לאַנד האַלטען לעקציעס, זאָגט וועגען דער שטימונג פון די ראָ־מאַנטיקער: „דער האַס צו פּראָגרעס און צו דער וועלט פון ווירק־ליכקייט האָט געפיהרט דערצו, אַז דער גוסט צום פאַנטאַסטישען און וואונדערליכען זאָל ווערען די נשמה פון דער פּאָעזיע און פּראָזע".

דער מזרח האָט זעהר שטאַרק צוגעצויגען צו זיך די ראָמאַנטי־קער. דער היסטאָריקער פון דער דייטשישער ליטעראַטור, העט־נער, דערקלערט עס אַזוי: „דער ראָמאַנטיקער פאַרלאַנגט דאָס אַלטע, ווייל די פאַרטיגע און דורכאויס־פאַרענדיגטע בילדער און פאָרמען פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס קאָנען אויפגענומען ווערען מיט די חושים, זעהען איהם אויס צו זיין אַנגענעהמער און פּאָעטישער, ווי דאָס נייע, וואָס האַלט זיך ערשט אין שאַפען און קאָן נאָך דער אומבאַהאָלפענער פאַנטאַזיע נישט געבען קיין ממשות'דיגען און פעסטען אָנהאַלט".

די באַגרינדער פון דער טעאָריע פון ראָמאַנטיזם, די ברידער

פרידריך און אויגוסט שלעגעל, האָבען רעקאָמענדירט די פּאָעטען פון יענער צייט צו ווענדען זיך צום מזרח, ווייל דאָס לעבען איז דאָרט מעהר דורכגעדרונגען מיט פאַנטאַזיע. זיי האָבען די דייטשען אָנגעוויזען אויף די אינדוסען־אסקעטען, ווי אויף אַ ביישפּיל פון מענשען, וואָס דערגרייכען די העכסטע מדרגה אין זייער פאַרטי־פען זיך אין די סודות פון לעבען, און זעהען גאָט׳ס געזיכט. אויגוסט שלעגעל האָט געשריבען: „אייראָפּא האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין נישט־שטאַנדהאַפטיג אין רעליגיע. די ערנסטע רעוואָלוציע קאָן קומען נאָר פון אזיע, נאָר אין מזרח איז נאָך נישט פאַרשוואונ־דען דער ענטוזיאַזם".

דאָס איז געזאָגט געוואָרען אין יאָהר 1811-12, ווען שלעגעל, דער פאַרטיידיגער פון דער אבסאָלוטער פרייהייט פון דער פּער־זענליכקייט, איז געווען אין דינסט פון דעם רעאַקציאָנער מעטער־ניך, לייענענדיג אין דערזעלביגער צייט לעקציעס אין וויען, וואו ער האָט געפּרעדיגט קאַמף קעגען גייסטיגער און בירגערליכער פריי־הייט. און אין אַן ערך פופציג יאָהר ארום האָט דער באַרימטער פאָרשער פון מזרח, וואַמבערי, געזאָגט: „וואונדערליך איז די פּע־היגקייט פון מזרח צו טרוימען, פאַנטאַזירען, אָבער נאָך וואונדער־ליכער איז דאָס, וואָס עס פעהלט איהם ענטוזיאַזם און ליידענשאפט־ליכקייט, נישט קוקענדיג אויף זיין קרענקליך־אַנטוויקעלטער עמפּינד־ליכקייט".

די שלעגעלס האָבען שטודירט דעם מזרח פון ביכער, וואָס זיינען אין יענער צייט געווען נישט פיל. די קענער פון אזיע אין אונזער צייט זעהען אין איהר נישט קיין אוצרות פון ענטו־זיאַזם און ענערגיע; דאָס רוב פון זיי זיינען גענייגט צו דענ־קען, אַז גראָד די ענערגיע פון דער אייראָפּעאישער קולטור רופט ארויס די אַלע געשעהענישען, וואָס קומען אין אונזערע טעג פאָר אין מזרח.

רעדענדיג וועגען ראָמאַנטיזם, האָב איך, פאַרשטעהט זיך, אין זינען געהאט נאָר דעם ראָמאַנטיזם פון די אינדיווידואַליסטען, פון מענשען, וואָס זיינען אָפּגעריסען פון לעבען. דער סאָציאַלער ראָמאַנטיזם פון שילער, בייראָן און הוגאָ איז איינע פון די שעהנ־

סטע שאַפונגען פון דער מערב־אייראָפּעאישער פּסיכיק, דאָס איז די הייליגע שריפט פון דעם געניע פון אַקטיוון לעבען.

* * *

„דער גייסט פון אַלטען מזרח" ווירקט צום ערגסטען אויף אונזער רוסישען לעבען; זיין איינפלוס אויף דער רוסישער פּסי־כיק איז אָהן אַן ערך טיפער, איידער אויף דער פּסיכיק פון די מערב־אייראָפּעאישע מענשען. דער רוסישער מענש האָט נאָך נישט אַנטוויקעלט די נויטיגע פעסטקייט און עקשנות אין קאַמף פאַר דער באַנייאונג פון לעבען, אין דעם קאַמף, וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג אָנגעהויבען. מיר זיינען, פונקט ווי די איינ־וואוינער פון אַזיע, מענשען פון שעהנע ווערטער און נישט־קלוגע מעשים; מיר רעדען גאָר אָהן אַ שיער, אָבער טאָן טוען מיר ווייניג און נישט-גוט; עס איז ריכטיג געזאָגט געוואָרען וועגען אונז, אַז „די רוסען האָבען אַ סך אבערגלויבענס, זיי האָבען אָבער נישט קיין אידעען"; אין מערב שאַפען די מענשען געשיכטע, און מיר פאַרפאַסען נאָך אַלץ מיאוס'ע אַנעקדאָטען.

מיר, רוסען, האָבען צוויי נשמות: איין נשמה איז פון אַ מאָנגאָל אַ וואַנדערער, פון אַ טרוימער, אַ מיסטיקער, אַ פוילענצער, וואָס איז איבערצייגט אין דעם, אַז „דאָס מזל איז דער העכסטער שופט", אַז „דו קאָנסט קעגען מזל גאָרנישט טאָן", און צוגלייך מיט אָט־דער מאַכטלאָזער נשמה לעבט אַ נשמה פון אַ סלאַוו, אַ נשמה, וואָס קאָן שעהן און העל אויפפלאַקערען, אָבער ברענט נישט לאַנג, ווערט שנעל פאַרלאָשען און איז זעהר נישט פעהיג צו פאַר־טיידיגען זיך קעגען דעם גיפט, וואָס ווערט אין איהר אריינגע־געבען און פאַר'סמ'ט איהרע כחות.

אין דער דאָזיגער שוואַכקייט, אין דער דאָזיגער פעהיגקייט צו ווערען שנעל אַנטוישט און מיד איז מסתמא שולדיג אונזער נאָהענטע שכנות מיט אַזיע, דער מאָנגאָלישער יאָך, דאָס אָרגאַני־זירען די מאָסקוועער מלוכה אויפ'ן שטייגער פון די אַזיאַטישע דעספּאָטישע מלוכות און אַ גאַנצע רייה נאָך אַנדערע עהנליכע איינ־פלוסען, וועלכע האָבען געמוזט איינוואָרצלען אין אונז די גרונט־עלעמענטען פון דער אָריענטאַלישער פּסיכיק. די ריין־אָריענטאַ־

לישע פאַראַכטונג צו דער קראַפט פון שכל, פאָרשונג און וויסענ־שאַפט איז אין אונז אריינגעגעבען געוואָרען נישט נאָר אויף אַ נאַ־טירליכען אופן, דורך אַלערליי איינפלוסען, קענען וועלכע מיר האָ־בען זיך נישט געקאָנט וועהרען, נאָר אויך אויף אַ בכיונ'דיגען קינסטליכען אופן, דורך היימישע מיטלען. מיר זיינען צו לאַנג, כמעט ביז אַ העלפט פון 19־טען יאָהרהונדערט, דערצויגען געוואָ־רען אויף דאָגמאַטען און נישט אויף פאַקטען, אויף איינבילדונגען און נישט אויף דעם פרייען שטודירען די ערשיינונגען פון לעבען.

שוין אין דעם 13-טען יאָהרהונדערט איז מערב־אייראָפּע מיט פעסטקייט און עקשנות צוגעטראָטען צו דער זוכעניש פון נייע פאָרמען פאַר'ן געדאַנק, צום שטודירען און קריטיקירען דעם אַרי־סטאַטעלישען דאָגמאַטיזם, און ביי אונז האָט מען נאָך אין דעם 17־טען יאָהרהונדערט געפאָדערט ,אז „קיינער פון די נישט־גע־לערנטע מענשען זאָל ביי זיך אין הויז נישט האָבען און נישט ליי־ענען קיין פּוילישע, לאַטיינישע און דייטשישע,—לוטערישע, קאַל־ווינישע, — און אַנדערע אפּיקורסישע ביכער. — אַזעלכע ביכער דאַרף מען פאַרברענען. און אויב אימיצער וועט נישט פאָלגען און וועט אַזעלכע פאַרבאָטענע ביכער האַלטען ביי זיך און זיי נאָך מיט אַנדערע לערנען, זאָל מען אַזאַ מענשען גאָר אָהן רחמנות פאַרברענען".

צום סוף פון 15־טען יאָהרהונדערט איז גאַנץ אייראָפּאַ באַ־דעקט געווען מיט דרוקערייען, אומעטום האָבען זיך געדרוקט בי־כער. מאָסקווע איז צוגעטראָטען צו אָט־דער גרויסער ארבייט אין יאָהר 1563, אָבער נאָכדעם, ווי עס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרען צוויי ביכער — אַ פּ אָ ס ט אָ ל און אַ ג ע ב ע ט־ב ו ך — האָט מען ביינאַכט אונטערגעצונדען דאָס הויז, וואו עס האָט זיך געפונען די דרוקעריי; די דרוק־פּרעס און די שריפטען זיינען פאַרברענט געוואָרען און די דרוקער זיינען פאַר מורא אַנטלאָפען קיין ליטע. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז ביי אַזעלכע אומשטענדען האָט דאָס רוסישע פאָלק געמוזט אָפּשטעהן אין זיין גייסטיגען וואוקס פון מערב און עס האָבען זיך געמוזט אין איהם פאַר־שטאַרקען די מזרח־עלעמענטען, וואָס נעהמען אַוועק פון דער נשמה

איהר אינדיווידואַליסטישען טאָן. די דאָזיגע עלעמענטען האָבען ארויסגערופען די אַנטוויקלונג פון גרויזאַמקייט, פאַנאַטיזם, מיס־טיש־אַנאַרכישע סעקטען — און בכלל די שטרעבונג „אוועקצוגעהן פון לעבען", ווי אויך די אַנטוויקלונג פון גוואַלטיגער שכרות.

דער איינפלוס פון די אַזיאַטישע עלעמענטען אויף דער בורזשואַזיע האָט זיך אויסגעדריקט און דריקט זיך אויס אין איהר נישט־צוטרויליכער, אָבער אויך נישט שכל'דיג־קריטישער, באַצי־הונג צו דער ערפאַהרונג פון מערב־אייראָפּא, אין דעם איבער־נעהמען די אָריענטאַלישע לאַנגזאַמקייט, וועלכע שטערט דעם וואוקס פון איהר אינדוסטריעלער איניציאַטיוו און פּאָליטישען באַוואוסטזיין.

נישט לאַנג צוריק האָט איינער פון די שוין צופיל־רוסישע דענקער, וו. וו. ראָזאַנאָוו, לויבענדיג א שלעכטען בוך וועגען טור־געניעוו'ען, געזאָגט:

„פון מזרח קומען די בעסערע טראַדיציעס פון דעם אדעל, מיט זייער סביבה, פריינדליכקייט און מיט זייער איינגעשלאָ־פענקייט". יאָ, דאָס, וואָס ראָזאַנאָוו רופט אָן „די בע־סערע טראַדיציעס פון דעם אדעל" קומט טאַקע פון מזרח. אָבער די ליבעראַלע אידעען פון דעם אדעל, זיין קולטורעלקייט, זיין לי־בע צו קונסט, זיין זאָרגען פאַר דער אויפקלערונג פון פאָלק, — דאָס קומט פון מערב, פון וואָלטער'ן, פון דעם 18־טען יאָהרהונ־דערט.

אָבער די גרויזאַמקייט צו קנעכט און דאָס דערנידעריגען זיך פאַר העררשער, מיט וואָס אונזערע נאָבעל־לייט צייכענען זיך אזוי גוט אויס, דאָס קומט שוין פון מזרח, אינאיינעם מיט אָבלאָמאָוו'ס אייגענשאַפטען, וואָס זיינען טיפּיש פאַר אַלע קלאַסען פון אונזער פאָלק. עס איז אויך אמת, אז די אומגעהויערע מאַסע „איבע־ריגע מענשען", כל'ערליי ארומטרייבער, וואַנדערער, אָניעגינס אין פראַקען, אָניעגינס אין לאַפּטשעס און לייוועַנטענע העמדער, די גאַנצע מאַסע מענשען, וואָס זיינען באַהערשט פון „אומרוהע און א חשק צו בייטען די ערטער", וואָס דאָס איז איינע פון די כאַראַק־טעריסטישסטע ערשיינונגען פון רוסישען לעבען, — דאָס קומט

אויך פון מזרח און איז מעהר נישט, ווי א ווילען צו אנטלויפען פון לעבען, פון ארבייט און פון מענשען.

עס זיינען פאראן נאך א סך אנדערע באזונדערקייטען אין אונזער לעבען, אין דעם געבוי פון אונזערע נשמות, און עס זיינען פאראן נישט ווייניג רוסישע לייט, אז אט־די באזונדערקייט און אייגענארטיגקייט אונזערע האט א הויכע באדייטונג און פארשפרעכט אונז אין דער צוקונפט כל'ערליי גליקען.

מיר רעכענען ,אז עס איז געקומען די צייט, ווען די געשיכטע פאדערט דרינגליך פון די עהרליכע און פארנינפטיגע רוסישע לייט, אז זיי זאלען זיך נעהמען צו שטודירען אלזייטיג די דאזיגע אייגענארטיגקייט און זי קריטיקירען אויפ'ן שארפסטען אופן. מיר דארפען קעמפפען קעגען דעם אזיאטישען אין אינזער פסיכיק, מיר דארפען זיך היילען פון פעסימיזם, — ער איז א שאנדע פאר אונזער נאציע; זיין יסוד באשטעהט אין דעם, וואס פאסיווע טרוימערישע נאטורען זיינען גענייגט צו באמערקען אין לעבען מעהר פון אלץ די שלעכטע און בייזע ערשיינונגען, וואס דערניעדריגען דעם מענשען. זיי באמערקען די דאזיגע ערשיינונגען נישט נאר מחמת זייער קרענקליכער נייגונג צו זיי, נאר אויך מחמת דעם, וואס עס איז זעהר באקוועם הינטער זיי צו באהאלטען די שוואכקייט פון אייגענעם ווילען און צו רעכטפארטיגען מיט זייער גרויסער צאהל די אייגענע פאסיווקייט. אקטיווע נאטורען באמערקען מעהר פון אלץ די פאזיטיווע ערשיינונגען, יענע שפראצונגען פון גוטס, וואס וועלען מיט דער הילף פון אונזער ווילען זיך פאנאנדערוואקסען און מוזען בייטען צום בעסערען אונזער שווערען קלעגליכען לעבען.

די רוסישע „גאט־זוכעניש” שטאמט פון נישט גענוג איבערצייגט־זיין אין דער קראפט פון שכל, — פון דער באדערפעניש פון א שוואכען מענשען צו געפינען א לייטענדיגען ווילען אויסער זיך, — פון דעם ווילען צו האבען א באלעבאס וואס מען זאל אויף איהם קאנען ארויפלייגען די פארענטפערליכקייט פאר דעם שלימען ארעמען לעבען.

דאס אנטלויפען פון דער וועלט, דאס אפזאגען זיך פון דער ווירקליכקייט ווערט געוויינטליך צוגעדעקט מיט'ן פארלאנג פון

„פערזענליכער פארפולקאָמענונג"; אָבער אַלץ אויף דער ערד ווערט פארפולקאָמט דורך ארבייט, דורך דעם באַרירען זיך מיט דער אָדער אַן אנדער קראפט. די דאָזיגע „פערזענליכע פארפול־קאָמענונג" הייסט אין דער אמת'ען צו זיין אפגעריסען פון דער וועלט, און אָט־דער פארלאנג ווערט אין דעם יחיד געבוירען דורך זיין געפיהל פון געזעלשאפטליכער מאכטלאָזיגקייט, וואָס ווערט נאָך מעהר פארשארפט אין די יאָהרען פון רעאקציע. אזוי איז די עפּידעמיע פון „פארפולקאָמענונג" געווען זעהר שטארק אין רוסלאנד אין דער טויטער צייט פון די 80־גער יאָהרען און איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרען נאָכ'ן יאָהר 1905.

פּאַראויסזעהענדיג גרויסע געשעהענישען, קעגען וועלכע ער וועט נישט אימשטאנד זיין צו קעמפען, ווענדט זיך דער איצטיגער בורזשואזער געדאנק צום מזרח; א מידער, א דעגענערירטער און אַן אומגליקליכער, פליעסט ער זיך אויפצולעבען די אָפּשטארבענ־דיגע אידעען און די לעהרען וועגען דער אנארכישען עגאָאיזם פון דער פערזענליכקייט, וואָס רעכפארטיגט איהרע פאנטאזיעס און קאפּריזען, איהר אכזריות און דעספּאָטיזם. אָבער דער מזרח געהט גייסטיג אוועק צו אייראָפּע, און אָט־די ווילענלאָזע באוועגונג פון דעם בורזשואזען געדאנק איז פּונקט אַזוי אומזיניג, ווי עס וואָלט געווען אומזיניג פאר א מענשען, וואָס איז אין איילעניש, צו פאָהרען פון פּעטראָגראד קיין פראנקרייך און ענגלאנד דורך אזיע און דעם שטילען אָקעאַן.

די ווענדונג צו מיסטיק און ראָמאַנטישע פאנטאזיעס איז א ווענדונג צו פארגליוורטקייט, וואָס ווערט סוף כל סוף געצילט קעגען דער יונגער דעמאָקראַטיע, וועלכע מען וויל פארסמ'ען און לאָזען אָהן כחות, באאיינפלוסען מיט די אידעען פון פּאסיווער באציהונג צו דער ווירקליכקייט, מיט דעם צווייפעל אין דער קראפט פון שכל, פאָרשונג און וויסען, און אַזוי ארום פארהאלטען דעם וואוקס פון דער נייער קאָלעקטיווער פּסיכיק, וואָס נאָר זי אַליין קאָן דערציהען די שטארקע און שעהנע פערזענליכקייט. די דעמאָקראטיע דארף זיך קאָנען פאנאנדערקלייבען אין אָט־די אַלע כוונות; זי דארף זיך אויך אויסלערנען צו פארשטעהן סיי דאָס, וואָס קומט אין איהר בלוט און פלייש פון אזיע מיט איהר

שוואַכען ווילען, פּאַסיוען אַנאַרכיזם, פּעסימיזם, מיט איהר שטרע־
בען צו פאַרשכור'ען זיך און טרוימען, און סיי דאָס, וואָס קומט
צו איהר פון אייראָפּע, וועלכע איז דורך און דורך אַקטיוו, אומ־
פאַרמאַטערליך אין דער ארבייט און גלויבט נאָר אין דער קראַפט
פון שכל, פאָרשונג און וויסען.

# בריף צום לעזער.

מיין אַרטיקעל „צוויי נשמות‟ האָט ארויסגערופען אייניגע מעהר אָדער ווענ־גער איראָנישע און בייזע ענטפערס מצד די הערען „פען־ברידער‟ און אַ גאנצע רייהע בריף פון לעזער.

מיט די ליטעראַטען וועל איך נישט געהן זיך אויסטענה׳ען, ווייל איך פיהל נישט, אַז מיינע געגנער זאָלען זיך אָריענטירען אין דער פראגע וועגען דעם ווערט פון אקטיווער און פּאַסיווער באַציהונגען צום לעבען, איך זעה נישט, אַז זיי זאָלען גאַנץ קלאָר — פאר זיך און פאר מיר — באַשטימען זייער באַציהונג צו די נע־גאַטיווע עלעמענטען פון דער רוסישער פסיכיק.

דערצו נאָך ווייס איך, אז א סך פון היינטיגע ליטעראטען קוקען אויפ׳ן רוסישען פאָלק פון דעמזעלביגען שטאַנדפּונקט, וואָס לעסקאָוו׳ס אַ דאמע, וועלכע האָט גאַנץ אויפריכטיג געזאָגט:

„אויפ׳ן רוסישען פאָלק איז זעהר גוט צו קוקען פון דער וויי־טענס, דערהויפּט ווען עס בעט גאָט און גלויבט.‟

איך ווייס אויך, אז איך בין א שלעכטער פּובליציסט, — דאָס איז מיר באַוואוסט נאָך מעהר, ווי די, וואָס ווייזען אָן אויף די חסרונות פון מיינע אַרטיקלען, איך באַטראַכט זיך גאָרנישט פאר איינעם, וואָס איז בארופען צו לערנען מיט מענשען, וועלכע זיינען שוין ביז צום טויט פארמאטערט דורך אלערליי אויפקלע־רונגען. איך בין אָבער א מענש, וואָס האָט געהאט אביסעל ער־פארונג, וואָס קען דאָס רוסישע לעבען נישט וועניגער פון וועלכען־עס־איז פון מיינע געגנער, און איך וואָלט געוואָלט איבערגעבען די רעזולטאטען פון מיין באַאָבאַכטען און ערפארונג פאר דעם פשוט׳ען און דענקענ־ען רוסישען מענשען איבער די קעפּ פון די הער־ען ליטעראטאָרען.

אין דעם ארטיקעל „צוויי נשמות‟ האָב איך אָנגערירט א זעהר אַלטע און ערנסטע פראגע, וואָס האָט שוין לאַנג באַשעפטיגט

דעם רוסישען גערדאנק, און ניט נאָר דעם רוסישען געדאנק אליין, די דאָזיגע פראגע האָט ביי אונז איהר געשיכטע און א גאנץ־באדייטענדע ליטעראטור, פון וואנען דער רוסישער רעאקציאָנערער געדאנק שעפּט זיינע ארגומענטען. עס קאָן אָבער זיין, אז די פראגע וועגען די סתירות פון די צוויי קולטורען האָט אין מערב־איירָאָפּע נאָך א פיל־רייכערע און באדייטענדערע ליטע־ראטור.

אין פרילינג, 1913, איז אין פּראג ארויסגעגאנגען דאָס ערשטע בוך פון דעם דריי־בענדיגען ווערק פון פּראָפעסאָר מאַ־סאריק אויף דער טעמע „איירָאָפּע און רוסלאנד"; מאסאריק איז א סלאוו, א רוסאָפיל, אָבער דאָס שטערט איהם פונדעסט־וועגען ניט ארויסצוזאָגען אויף אונזער אדרעס זעהר פיל ביטערע אמת'ען. כאראקטעריזירענדיג דעם אונטערשייד צווישען מערב און מזרח, זאָגט ער, אייגענטליך, ארויס דאָס אייגענע, וואָס וולאדיסלאוו יאבלאָנאָווסקי האָט מכח דעם געזאָגט אין זיין בוך „ציויי קולטורען".

„די מערב־קולטור אָטעמט בכלל מיט אָפּטימיזם, בעת אין מזרח בליהט דער פּעסימיזם. דער געדאנק וועגען דער זינדיגקייט פון דער וועלט און דעם מענשען, וועגען דעם אייביגען פארגעהן מאכט אומרוהיג דעם מענשענ'ס נשמה אי דאָ אי דאָרט; אָבער דער „מערב" ווערט פונדעסטוועגען דערפון ווייניגער דער־שלאָגען, ווי דער „מזרח". דער לעצטער וועט, דערשלאָגען ביז גאָר פון דעם שלעכטס פון דער וועלט, פארדאמען יעדען מין לעבען, וועט אָפּלייקענען אלץ אויף דער ערד, וועט אונטערשניידען דעם סאמע שורש פון די לעבענס־כחות. ער וועט שטארק ליב באקומען דעם טויט, — מיט א מאָדנער שרעקעדיגער ליבע, וואָס שטאמט פון דער אייביגער מורא פאר איהם, פון דעם נישט־אָפּטרעטענדיגען געפיהל פון נישט־זיין, — אין דעם קבר וועט ער דערזעהן דאָס „הימעלרייך" און אין פארפוילטקייט, דאָרט, וואו עס שלאָגט זיך שוין ניט דורך קיין שום שטראל פון לעבען, וואו עס איז נישטאָ קיין בלוט, קיין געשלעכט, קיין שום שפּראָץ פון לעבען, וועט ער דערזעהן הייליגקייט."

„דער מערב האָט זיך אויך אונטערגעווארפען דעם רייץ פון

אָפּזאָגען זיך פון דער וועלט, פון פארמשפּט'ען דאָס לעבען; אָבער בעת ער האָט דאָס דורכגעפיהרט אין דער ווירקליכקייט, האָט ער, צו פארדאנקען אפשר די באזונדערע אייגענשאַפטען פון זיין נשמה, וועלכע פארמאָגט דעם געשאַנק פון לעבען, אין דער אמת'ען זיך גאָר געווענדעט צום זעלביגען לעבען און איהם אויף א מאָד־נעם אופן פארגעטערט אפילו דאן, ווען ער האָט, דאכט זיך, פון איהם זיך אָפּגעזאָגט. איהם איז ניט פרעמד געווען די אנגסט פון טויט, ער האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו ארבייטען פאר'ן לעבען. עס זיינען אומעטום געווען אסקעטישע שטרעבונגען, און אויך אנשטאַלטען, וואָס זיינען פון זיי ארויסגעוואקסען, אָבער דער אָריענטאַלישער אסקעטיזם האָט עקזיסטירט פאר אסקעטען, האָט געשטימט מיט זייער פארצווייפעלט־לויה'דיגער פארשטעלונג וועגען דעם ערדישען לעבען, האָט זיך אנגעהויבען מיט „ציין־קריצעניש” און זיך דערמיט אויסגעלאָזט, — אין דער צייט, ווען דער אסקעטיזם פון מערב האָט אויסער די גרענעצען פון זיינע אייגענע צילען געקענט אויך מיטווירקען אין דעם נאָרמאַלען לעבען, ז'ערהויבען עס אויף א גרעסערער הויך און פארניכטען זיינע פלעוועס, וואָס האָבען זיך איהם גאַנץ אָפט נאָר אָפּגעדאכט, אָבער קיינמאָל ניט אויסרייסען א געזונטע פלאַנץ, וואָס ברייננט פרוכט”...

אונזערע רוסישע פילאָזאָפען טענה'ען אנדערש, צום בייי־שפּיל, אזוי:

„דער בונד מיט ענגלאנד זעהט אונז דערפאר אויס צו זיין ווירדיג פאר דער גרויסקייט פון רוסישען פאָלק, ווייל דער דאָ־זיגער בונד פיהרט צו דער פאראייניגונג פון די פעלקער אונטער דער פאָן פון דער עכטער גייסטיגער קולטור פון דעם מיסטישען מזרח. אמת'ע וועלט־מלוכות זיינען פאראן נאָר צוויי: רוסלאנד און ענגלאנד. עס איז פון גרויסער באדייטונג, וואָס די דאָזיגע צוויי מלוכות שטעלען אוועק דעם יסוד פון זייער מאכט אויף די לענדער און פעלקער פון דעם רעליגיעזען מזרח און ניט פון דעם מאַטעריאַליסטישען מערב. עס שטעהט זיי ביידען פאָר די אויפ־גאָב צו פאראייניגען אין איין וועלט־קראַפט די פרידליכע און באמת קולטורעלע פעלקער פון אינדיע, כינע און יאפּאן. און ווען

עס וועט פאָרקומען די דאָזיגע פאַראייניגונג פון די פעלקער פון דעם מיסטישען מזרח, וועט געגעבען ווערען דער אויסגעמאַטערטער ערד די לעצטע פרייהייט און דער געבענשטער שלום. עס איז אָבער פריהער נויטיג, אז רוסלאנד זאָל פארשטעהן איהר בארוף צו זיין אריענטאַליש און צו בויען איהר קולטור אויף די הויכע מיסטישע אנטפלעקונגען, וואָס פיהרען די פעלקער צו שלום און ליבע.״

די פראגע — וואוהין זאָלען מיר געהן? — איז פאר אונז ליידער נאָך אלץ ניט קלאָר, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די וועלט ווערט געפיהרט מיט׳ן כח פון קאַפּיטאַל און וואָס רוסלאנד איז עקאָנאָמיש שוין לאַנג א לאנד פון מערב־אייראָפּעאישער קולטור. אָבער מיר ווערען זיך נאָך אלץ קעגען דעם איינפלוס פון דער וועלט־געשיכטע, מיר פּרואווען נאָך אַלץ באַשטעהן אויף אונזער „אייגענאַרטיגקייט״, וואָס איהר גרונט־שטריך איז אונזער רעכטלאָזיגקייט, ווילענלאָזיגקייט און זאָרגלאָזיגקייט בנוגע צו זיך אליין, צום נאָהענטסטען און צו די לעבעדיגע אינטערעסען פון אונזער לאנד.

איך קאָן באין אופן נישט פארשטעהן, ווי אזוי די הערען רוסישע פילאָזאָפען, וואָס שטרעבען צו באַפרייען זיך פון דער דייטשישער פאַרגוואלטיגונג מיט דערזעלביגער לויבענסווערטער ענערגיע פון שעהן־רעדנעריי, מיט וועלכער זיי האָבען אין אָנהויב 19טען יאָהרהונדערט זיך באפרייט פון דער פראנצויזישער פארגוואלטיגונג, ווי אזוי זיי זעהען גאָרנישט איין, אז אויפ׳ן אָרט פון דער דייטשישער פארגוואלטיגונג וועט אומבאַדינגט מוזען קומען אַ וואָסער־עס־אַנדער מין פאַרגוואַלטונג? ווייל כל זמן מיר וועלען פארבלייבען אַזוינע, ווי מיר זיינען, וועט אונזער פריינדשאַפט מיט׳ן אייראָפּעער אַלע מאָל זיין די געפערליכע פריינדשאַפט פון דעם ליימענעם טאָפּ מיט׳ן אַייזערנעם קעסעל.

„כריין איז נישט זיסער פון רעטאַך״, זאָגט אונז דאָס פאָלק, און ווארום איז פאר די פילאָזאָפען כריין דוקא זיסער פון רעטאך?

כדי מען זאָל אונז נישט באַרויבען, דערנידעריגען, כדי עס זאָלען נישט זיצען רייטענדיג אויף אונזערע נאַקענס די דרויסענדיגע און באַזונדערס־שווערע אינווענייגסטע שונאים, דארפען מיר

זאָרגען ניט פאר דער מיסטישער „לעצטער פרייהייט", נאָר פאר'ן באַקומען די איינפאכסטע בירגער־רעכט. מען דאַרף זעהן מאכען דאָס לאנד אלפאבעטיש סיי אין דעם בוכשטעבליכען און סיי אין דעם פּאָליטישען זין, עס איז נויטיג אויפצואוועקען און צו דער־ציהען זיין ווילען צום לעבען.

איך דענק ניט, אז פאר רוסלאנד זאָל זיין ניצליך יענע באַ־ציהונג צו איהם, ווי זי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אין סטעפאַן גרעהעמ'ס סענסאציאָנעלען בוך; עס איז דאָך א קלאָרע זאך: דאָס דאָזיגע בוך איז אויפגענומען געוואָרען מיט באגייסטערונג נאָר דערפאר, ווייל עס שטעלט אונז פאר, ווי גליקזעליגע פּוסט־און־פּאסניקעס, וואָס דאָס גיט דעם ענגלישען קאפּיטאַליסט א מעגליכקייט צו קוקען אויף רוסלאנד, ווי ער קוקט אויף אפריקע, אינדיע, ד. ה., ווי אויף זיינער א צוקונפטיגער קאָלאָניע.

* * *

דער לעזער באציהט זיך מן הסתם צו דער פראגע וועגען דעם ווערט פון אקטיווער און טרוימערישער באציהונג צום לעבען מיט מעהר ערנסט, ווי די ליטעראטען, — דער לעזער האָט פאר מיר אַוועקגעשטעלט א גאנצע רייה פראגען, וואָס פאראייניגען זיך באַקוועם אין איין שארפער פראגע:

„איז רוסלאנד גייסטיג שטארק אדער מאַכטלאָז?"

צו געבען א גלייכען און גענויען ענטפער — אַלץ איינס צי א פּאָזיטיווען אדער נעגאטיווען — אויף א פראגע, וואס איז אזוי שאַרף אַוועקגעשטעלט געוואָרען, וואָלט, לויט מיין מיינונג, געווען אַן אומפאַרגעבליכער לייכטזין; אין בעסטען פּאַל וואָלט אזא ענט־פער אויסגעדריקט נאָר די פערזענליכע מיינונג פון איינעם א מענ־שען, וואס האָט נישט קיין באזונדער הויכען ווערט. אונזער גרעס־טער געניע פּושקין האָט אָנגערופען רוסלאנד „דאָס פארשאָלטענע" לאָנד; ער האָט געשריבען צו וויאזעמסקי'ן: „פון קאָפּ ביז די פיס פיהל איך, נאַטירליך, פאראכטונג צו מיין פאָטערלאנד". ליעסקאָוו, איינער פון די בעסטע קענער פון רוסישען לעבען און רוסישער פּסיכיק, האָט אויסגעשריגען וועגען רוסישען פאָלק „די היימישע מיאוסקייט", „דאָס סלאווישע מיסט"; מען קאָן זיך

דערמאָנען אָן נאָך פיל עהנליכע פארצווייפעלטע אויסגעשרייען, וואָס האָבען זיך ארויסגעריסען פון דעם הארצען פון די בעסטע רוסישעמענשען. דער טרויעריגער בריף פון טשאאדאיעוו׳ען וועט אויף תמיד פארבלייבען א באלערענדיגער דאָקומענט.

די דאָזיגע אלע אויסרופען פון וויטאָג און צאָרען זיינען אָהן צווייפעל אַן אויסדרוק פון זאָרג פאר׳ן פאָטערלאנד און ליבע צו איהם ; זיי זאָגען אלע עדות וועגען דעם, ווי שווער עס איז אַן ער־ליכען מענשען צו לעבען אין רוסלאנד. אָבער דעם ערליכען מענ־שען איז אומעטום שווער צו לעבען און פונקט אזוי ביטער האָבען אין זייער צייט זיך באַקלאָגט בייראָן, היינע, לעאָפּאַרדי, הוגאָ.

איך וועל, פארשטעהט זיך, נישט געהן ענטפערען אויף דער פראגע, צי רוסלאנד איז שטארק אָדער מאכטלאָז, איך קאָן אָבער נישט פארבאָרגען די אומרוהה און ספקות, וואָס די ווירקליכקייט וועקט אין מיר אויף.

עס רעגט מיך אויף, דעם אמת געזאָגט, דער מאנילאָוווער אָפּ־טימיזם פון די אומגעריכטע „פאטריאָטען“, וועלכע זיינען נאָך ערשט נעכטען געווען פלאם־פייערדיגע ניהיליסטען, האָבען מקריב געווען יעדען מין דיסציפלין און יעדען מין ארגאניזאציע דעם ווילד־ווילען פון דעם מענשען „פ ו ן א ו נ ט ע ר ד ע ר ע ר ד“ און איינגעפלאנצט אין די מחות פון דער רוסישער יוגענד דעם קרענקליכען „מיסטישען אנארכיזם“, וואָס האָט פון איהר אוועק־גענומען דעם אינטערעס צו לעזען די פּראָבלעמען פון געזעלשאפט־ליכען רעאלען לעבען.

אין דער טראגישער לאגע, אין וועלכער די פלאנעטארישע גע־שיכטע און אונזער אומגעלומפּערטקייט האָבען אונז אוועקגע־שטעלט, איז דער אָפּטימיזם פון די מאנילאָווס נישט נאָר אויסער׳ן פלאץ, נאָר אפילו פארברעכעריש. איך פארשטעה, עס זיינען פאַ־ראַן מאָמענטען, ווען עס איז נויטיג צו וועקען און מונטערען מיט אלע מיטלען דעם גייסט, — אבער לייכטזין און ליגען זיינען דאָ פונקט אזוי שעדליך, ווי האָניג ביי טיפוס־קראַנקהייט. מען דאַרף דעם הארטען אמת קוקען גלייך אין די אויגען אריין, — נאָר דאַן ווען מיר וועלען דעם אמת קענען, וועלען מיר זיין אימשטאנד אויפצואוועקען אונזער ווילען צו לעבען, — דעם ווילען, וואָס איז

ביי אונז שוואך ארגאניזירט פון קדמונים אָן, און איז נאָך מעהר אָפּגעשוואכט געווארען דורך די אומציילינגע אומגליקען, וואס מיר האָבען איבערגעלעבט פאר די לעצטע 15 יאהר. מען דארף אוועקווארפען די נביאות־זאָגעריי און זיך ענערגיש א נעהם טאָן אויסצופארשען די אייגענע כחות, אויפצולעבען דעם אייגענעם ווילען.

פון דעם טאָג אָן, ווען מען האָט ביי אונז אוועקגענומען דעם בראָנפען, האָבען מיר אנגעהויבען זיך פארשכור'ען מיט ווערטער. מיר, רוסען, האָבען אלע מאָל ליעב געהאַט דאָס הויכע און בלומענדיגע וואָרט, אָבער נאָך קיינמאָל האָט דער פוילער וואָרט־פלוס זיך נישט פארנאַנדערגעגאסען אזוי ברייט איבער רוסלאנד, ווי אין אָנהויב פון דער מלחמה. די באַרימעריי מיט דער רוסישער קראַפט, מיט דער „אומאייגענניציגקייט פון דער רוסישער נשמה" און מיט אנדערע מעלות, וואָס נאָר מיר אליין פארמאָגען זיי, — די דאזיגע באַרימעריי אין פערזען און אין פּראָזע האָט פּאַרטויבט פּונקט אזוי, ווי די קופּערנע קלינגעריי פון די מאָסקווער גלעקער.

און ווי דאָס קומט פאר אלע מאָל בעת א קאַטאַסטראָפע, האָבען העכער פון אלע געשריען די שווינדלער.

איצט איז עס געווארען גאַנץ קלאָר, אז מיר האָבען אין דעם וועלט־אומגליק, וואָס איז גראָד פאר אונז געווען די גרעסטע טראַגעדיע, ארויסגעוויזען און ווייזען ארויס די קלענסטע צאָל בירגערליכע געפיהלען און העלדישקייטען. איך רעכען, אז עס איז גאַנץ איבעריג צו ברייגנען באַווייזען פון אונזער פאנאַנדערפאַל און צופוילטקייט, — זיי זיינען ביי אונז אלעמען פאר די אויגען. די קענענזייטיגע רויבעריי, וואָס איז פּאָרגעקומען אומעטום, די שענדליכסטע גנבות, די צעלאָזענקייט, די ווילדע הולטייסטוועס — אלע ווייסען פון דעם. מאַכענדיג אָהן מיה און אָהן זאָרגען גוואַלטיגע פארדינסטען, שטרעבען די מענשען צו פארוויילונגען; די שענקען און טעאַטערס זיינען איבערגעפילט, עס האָט זיך אנטוויקעלט א מאַניאַקאַלישע ליידענשאפט צו קויפען לוקסוס־זאַכען, די יואוועלירען מאַכען אויסגעצייכענטע געשעפטען.

עס זיינען פאראַן מענשען, וועלכע ווילען זיך און אנדערע טרייסטען דערמיט, וואָס אַן ענליכע אָרגיע הערשט אויך אי ביי אונזערע שונאים און אי ביי אונזערע פארבינדעטע. איך וועל

דערמאָנען דעם לעזער דאָס קלוגע רוסישע ווערטעל: „א פרעמ־
דער נאַר איז א פרייד, אַן אייגענער — אַן אומגליק".

עס פארשטעהט זיך, אז אין יעדען לאַנד זיינען פאראן גנבים
און מענשען אָהן בושה, וואָס די מלחמה שפּייזט זיי מיט דער פולער
האַנט און דערפרייט זייערע הערצער. אבער איך האָב יעדען
גרונט צו זיין איבערצייגט, אז פאַר די בירגער פון מערב־אייראָפּע,
אונזערע פריינד און שונאים, האָט דער באַגריף „פאַטערלאַנד" א
מעהר באַשטימטען און רעאַלען אינהאַלט, ווי דער, וואָס עס ליגט
אין איהם אריין דער רוס, וועלכער איז נישט קיין בירגער און נישט
קיין באַלעבאָס אין זיין אייגען לאַנד, נאָר גאָר פּשוט אַן איינוואוי־
נער, וואָס הענגט אינגאַנצען אָפּ פון דעם ווילקיר פון די מאַכט־
האָבער.

ניין, אויב מיר קאָנען זיך מיט עפּעס באַרימען אנטקעגען
אייראָפּא, איז עס נאָר מיט דעם, וואָס ביי אונז גנב'עט מען אומ־
פאַרשעמטער און מעהר.

* * *

עס מערקען זיך אין לאַנד קלאָרע סמנים פון גייסטיגער מיד־
קייט און פאַרמינערונג פון דער שעפערישער ענערגיע; דעם
ערשטען סמן דערפון זעה איך אין דעם פעלען פון מענשען מיט
טאַלאַנט כמעט אויף אַלע געביטען פון טעטיגקייט, מיט דער אויס־
נאַם פון דעם געביט פון וויסענשאַפט.

טאַלאַנט — דאָס איז פאַטאָס, א דערהויבען און באַגייסטערט
געפיל פון ליבע, צאָרען, מיטלייד, האַס, בענקשאַפט; טאַלאַנט —
דאָס איז דאָס אינטענסיווע שטרעבען פון דעם מענשען צו קאַמף,
צו פאַרטיידיגען זיך און אַנדערע קעגען די בייזע כחות פון דער
נאַטור און פון דעם סאָציאַלען לעבען.

מען קאָן זעהן, אז יעדען מאָל, ווען דער אדער אַן אַנדער קאָ־
לעקטיוו ווערט געדריקט פון דרויסען, לעבט איבער טראַגישע יאָה־
רען, ציהט ער זיך איין, און שאַפט, און קריסטאַליזירט אויס פון
זיך א רייה פערזענליכקייטען, וואָס דריקען אויס זיינע געפילען,
געדאַנקען, צילען און שטימונגען. אזוי איז געווען אין די יאָהרען
פון רענעסאַנס, ערב דער גרויסער רעוואָלוציע; פוילען האָט גע־

שאפּען מיצקעוויטש'ען, קראַסינסקי'ן און סלאָוואַצקי'ן אין דער צייט פון איהרע גרעסטע אומגליקען, פון איהר ערגסטער פאַרשקלאַפונג; די עפּאָכען פון נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטליכע אומרוהען זיינען אַלע מאָל געווען עפּאָכען פון אינטענסיווען שאפען און רייך מיט טאַלאַנטען.

שעקספּיר פּאַסט זיך זעהר גוט פאַר דער שטורמדיגער צייט פון עליזאבעט, אָבער דאָס רוהיגע איינגעשטעלטע לעבען פון טאַמבאָוו קאָן נישט באַשאַפען ניט קיין קראָמוועל, ניט קיין נאַפּאָליעאָן און ניט קיין סוויפט'ען, הגם דער לעצטער וואָלט געווען אויסערגעוויינטליך ניצליך פאַר טאַמבאָוו און קאָלוגע פון אונזער צייט.

דאָס לעבען פון אונזער פּראָווינץ, וואָס איז נאָך אַלץ פאַרשלאָפען, פאַרחלום'ט און קוקט ארוים אויף הילף פון דרויסען, פון דער זייט, — דאָס דאָזיגע לעבען קאָן נישט ארויסרופען ניט קיין הייסע ליבע, ניט קיין שאַרפען האַס, ניט קיין צאָרען און ניט קיין מיטלייד. עס רופט ארוים, — און דאָס איז נאָר אין בעסטען פאַל, — יענע רוסישע לירישע אומרוהיגקייט, וואָס ווערט אזוי לייכט נעלאָשען פון דעם שענק און דער פלוידעריי ביים טיש.

מיר, רוסען, לעבען אונטער אַזאַ דרוק, וואָס איז גאַנץ גענוג צו קאָנען אונז צוזאַמענננעמען און פאַראייניגען אַלע אינאיינעם; דער דאָזיגער דרוק וואָלט באַדאַרפט ארויסברייננגען פון רוסלאַנד'ס בלוט און נערוועז מענשען פון גרויסען צאָרען, טרויער, ליבע, — מענשען פון באַגייסטערטען געפיל.

אזעלכע מענשע קומען נישט.

און דאָס דאַרף אונז שטאַרק באַאומרוהיגען.

* * *

איך דענק, אז די סבות פון אונזער גייסטיגער מידקייט זיינען נאַטירליכע. מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט דאָס פאָלק געמאַכט א סטיכישען, אבער מעכטיגען פאַרזוך אויפצובינדען זיך די הענט און צו עפענען דאָס מויל. דער דאָזיגער פאַרזוך האָט זיך אויסגעלאָזט מיט א דורכפאַל, אבער מען דאַרף איהם פונדעסטוועגען שעצען זעהר הויך, ווייל אין פאַרלויף פון אונזער גאַנצער געשיכטע איז דאָס געווען די ערשטע אנשטרענגונג פון דעם ווילען פון גאַנ־

צען פאלק. נאכדעם האבען מיר אלע זיך ארייננעוואָרפען אין
יענער שמוציגער גרוב, פון וועלכער רוסלאנד האט אזוי לאנג און
מיט אזוינע שווערינקייטען געפּרואווט ארויסקריכען. דאָס דאזיגע
פאלען, וואָס האט מיטגעצויגען מיט זיך כמעט די גאנצע דינאמ־
קראטישע אינטעליגענץ, האט באשאפען אין לאנד א שווערע דראַ־
מע, וואָס איהר סאָציאל־פּעדאַגאָגישע באַדייטונג איז נאָך ביז איצט
נישט אָפּגעשעצט און נישט פארשטאנען געוואָרען, אבער זי האט
אָהן צווייפעל אפּגעשוואכט די גייסטיגע ענערגיע פון לאנד.

דער ערשטער רעזולטאט פון דער רעאקציאָנערער קאטאסטראָפע
איז געוועזן די אָפּשוואכונג פון דעם גלויבען אין די אייגענע כחות
— דעם גלויבען, וועלכער האט זיך דאָך גאנץ היבשליך פאנאנדער־
געוואקסען. דערנאָך האט אויסגעבראָכען די עפּידעמיע פון זעלבסט־
מאָרדען — זי האט אוועקגעפיהרט פון לעבען ניט איין הונדערט
פיינפיליגע און געוויסענהאפטיגע יונגעלייט, און די לעבען־געבלי־
בענע האבען זיך אנגעשטעקט מיט סקעפּטיציזם, וואס האט זיך
אויסגעדריקט סיי אין דער אפּשוואכונג פון דער פּערזענליכער
מאָראל און סיי אין דער זארגלאָזיגקייט בנוגע צו געזעלשאפטליכע
פראגען.

עס איז גאנץ נאטירליך, אז די תלמידים, זעהענדיג, ווי זייע־
ערע לערער און באגייסטערטע פיהרער זיינען געוואָרען רענעגאטען,
זאָלען אויפהערען גלויבען אין דער קראפט און אמת'דיגקייט פון
יענע לעהרען, אין וועלכע מען האט זיי יאָהרענלאנג געלערענט.

דער פּראצעס, וואָס מיר לעבען איבער פאר די דאָזיגע 10
יאָהר, איז ניט קיין פּראָצעס פון גייסטיגער אנטוויקלונג, פון אויס־
ברייטען און פארטיפען אונזערע וועלט־אנזיכטען, — דאס איז א
פּראָצעס פון אפּמעקען און פארשמעלערען די פּאָדערונגען צום לע־
בען, צו זיך אליין, א פּראָצעס פון גייסטיגען אלט־ווערען. די אלט־
קייט האט זיך קלאָר אויסגעדריקט אין דעם עובר־בטל'דיגען קווי־
קען זיך מיט די פראגען פון געשלעכט, רעליגיע און אין דעם גע־
זעלשאפטליכען ניהיליזם ; א טרויעריגער עדות פון אָט דער אלט־
קייט איז די איצטיגע בלוטלאָזע, שענינקע פּאָעזיע, די איצטיגע
ליטעראטור פון צוגעפּוצטע פראזען און קליינטשיקע אידעען, —

די ליטעראַטור, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געווען אונזער באַרעכ־טיגטער און איינציגער שטאָלץ.

און ווען מען זעהט צו דעם דאַזיגען זינקען פון טאַלענטירט־קייט אין לאַנד, דעם דאָזיגען פעלען פון פּאָטעטישע געפיהלען, טראַכט זיך ניט־ווילענדיג, אַז פאַר די פופצען יאָהר פון דער דראַמע, וואָס רוסלאַנד לעבט איבער גאָר אָהן אַן אָפּשטעל, זיינען מיר מיד געוואָרען און אונזער ענערגיע האָט זיך אויף לאַנג אויסגענומען.

איך וואָלט געוואָלט, אַז מען זאָל מיך איבערצייגען, אַז איך האָב אַ טעות, קיין זאַך וועט מיר ניט שטערען מודה צו זיין זיך אין דעם, אויב נאָר דער טעות וועט באַוויזען ווערען. אָבער דער־ווייל איז נאָך דעם ניט געטאָן געוואָרען און איך, אַ בירגער פון מיין לאַנד, האָב זיכער אַ רעכט צו רעדען וועגען מיינע צווייפלען און דאַרף וועגען זיי רעדען.

יעדער מענש איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר יענע מאָס׳קייטען, וואָס ווערען אָפּגעטאָן אין זיין הויז, זיין שטאָדט און זיין לאַנד.

ניט־גוט לעבען מיר, לעזער; מיר לעבען שוידערליך־אומריין, ניט ערליך און קאַלט.

מיר מוזען מאַכען עפּעס אַן אנשטרענגונג פון ווילען, כדי צו שטעלען זיך אויף די פיס און זיך נעמען איינִיג צו דער זעלבסט־פאַרטיידיגונג קעגען אונזערע נאָהענטסטע שונאים.

# אַ מעשה׳לע וועגען אידען.

אין ערגעץ אַ לאַנד, אין עפּעס אַ מדינה האָבען זיך געלעבט אידען, — געוועהנליכע אידען. זיי האָבען געלעבט דאָרט פאַר׳ן צוועק פון פּאָגראָמען, פון באַליידיגונגען און פאַר אַנדערע מלוכה נויטווענדיגקייטען.

געפיהרט האָט זיך דאָרטען אזוי: ווען נאָר די איינגעבאָרענע באַפעלקערונג פלעגט ארויסווייזען סימנים פון אומצופרידענהייט מיט זייער ארט לעבען, פלעגט פון די פונקטען, וואו מען האָט אכטונג געגעבען נאָך געזעץ און אָרדנונג דערהערען זיך אַ זיס קול:

— פאָלק, דערנעהנטער זיך צו די שטולען פון די מאַכטהאָבער.

דאָס פאָלק האָט זיך דערנעהנטערט און די מאַכטהאָבער פלעגען אָנהויבען זייערע זיסע רייד:

— וואס טומעלט איהר זיך?

— ניטאָ, אייערע האָהייטען, וואס צו קייען.

— און צייהן זיינען נאָך פאַראַנען?

— אַ קליין ביסעל.

— אָט האָט איהר שוין ווידער אמאָל עפּעס באַהאַלטען פון דער נאַטשאַלסטוואָ!

און ווען די האָהייטען האָט זיך אויסגעוויזען, אַז מען קאָן דאָס פאָלק באַרוהיגען, ווען מען זאָל זיי אויסהאַקען די איבעריגע צייהן, האָבען זיי זיך גלייך גענומען פאַר דעם מיטעל; ווען זיי האָבען אבער געזעהן, אַז אָט דאָס מיטעל וועט ניט פאַרבעסערען די באַציהונגען זייערע מיט׳ן פאָלק, האָבען זיי מיט פאַרפיהרערישע רייד גענומען ווייטער אויספרעגען.

— וואס־זשע ווילט איהר?

— אַ שטיקעל ערד, למשל...

און א טייל פון פאָלק, יענע, וואס האָבען געהאט גאָר א קליי־נעם באגריף וועגען דעם, וואס עס באדייט א מלוכה, האָבען נאָך מעהר געוואגט צו פאדערען:

— א פּאָר רעפאָרמען, אָט למשל, אז אונזערע ציין, אונזע־רע ריפּען, אונזער אינגעווייד זאל זיך רעכענען פאר אונזער איי־גענס.

אָבער דאָ האָבען די האָהייטען גענומען ווערען ערענסטער.

— עך, ברידער, ברידער! דאס זיינען אלץ חלומות. „ניט אויף ברויט אליין לעבט דער מענש", — שטעהט געשריבען און אויך שטעהט „אז איין געשלאָגענער איז מעהר ווערט ווי צוויי ניט־געשלאָקענע"!

— און זיי זיינען איינפארשטאנען?

— ווער?

— די ניט־געשלאגענע?

— א פראגע נאָך! געוויס! אָט זיינען מיט דריי יאָהר צוריק גע־קומען צו אונז די ענגלענדער און אזוי זיך געבעטען: ווארום זאָלט איהר ניט נעמען אייער גאנץ פאָלק און אוועקשיקען עס קיין סיביר און אונז אוועקזעצען אויף זיין פּלאץ? מיר, זאָגען זיי, וועלען אייך פּינקטליך צאָהלען די שטייערען און פארפליכטען זיך יעדער איינער אויסצוטרינקען צוועלף עמער וואָדקאַ אין אַ יאָהר צייט און דערצו... ניין, ענטפערען מיר, מיר האָבען אַ גוט פאָלק, א רוהיגס, געהאָרכזאם פאָלק און מיר וועלען שוין ווי ניט איז אויסקומען מיט איהם... וואָלט ניט געווען בעסער, אז שטאָט טומלען זיך זאָלט איהר בעסער אבי־סעל אנ'הרג'ענען די אידען? ווער דארף דען זיי אין גאנצען?

און די איינגעבאָרענע באפעלקערונג טראכט און טראכט, און ניט קענענדיג געפינען קיין אנדער לייזונג צו דער פראגע, באשליסט צו פאָלגען די נאטשאלסטוואָ.

מען פלינדערט אוים א האלבע מאה הייזער, מען צוקלאַפּט א פּאָר אידען, מען ווערט דערפון פארמאטערט, עס שטארבען די פאר־לאנגען נאָך רעפארמען, און געזעץ און ארדנונג — טריאומפירט!

אויסער די האָהייטען, די איינגעבאָרענע באפעלקערונג און די אידען, האָבען אין יענער מדינה, אלס מיטעל געגען אומרוהען און אונארדנונגען, עקזיסטירט א פּאָר גוטע מענשען: די דאָזיגע גוטע

מענשען האָבען נאָך יעדען פּאָגראָם זיך אַלע צוזאַמענגעקליבען — געוועזען זיינען זיי זעכצעהן — און האָבען ארויסגעלאָזען צו דער וועלט דעם דאָזיגען שריפטליכען פּראָטעסט:

„כאָטש די אידען זיינען אויך רוסישע אונטערטאַנען, דאָך זיי־נען מיר טיף איבערצייגט, אז עס איז ניט פּראקטיש זיי אויסצוקוי־לען אַלע צוזאַמען און דערמיט דריקען מיר אויס אונזער פּראָטעסט געגען די איבערסעמיגער פארניכטונג פון מענשליכע לעבענס".

אונטערגעשריבען פלעגען די פּראטעסטען זיין פון די אַלע זעכ־צעהן מיטגלידער, צווישען וועלכע עס איז געווען איין אינגעל, וואס איז אַלט געווען זיבען יאהר.

און דאָס זעלבע פלעגט זיך ווידערהאָלען נאָך יעדען פּאָגראָם, מיט דער איינציגער אונטערשיד, וואס דעם אינגעל׳ס עלטער האָט זיך געביטען.

טיילמאל האָט מען זיך אין דער פּראָווינץ אבגערופען אויף די דאזיגע פּראָטעסטען:

„איך פיהל מיט און שלים זיך אָן אָן אייער פּראָטעסט" — פלעגט מען טעלעגראַפירען פון די פּארוואַרפענסטע ווינקלען.

און לעזענדיג די דאזיגע פּראטעסטען, האָבען די אידען נאָך מעהר געוויינט. און איינמאָל האָט איינער פון זיי — זעהר א כיט־רער איד — זיי דאס פאלגענדע פארגעלייגט:

— איהר ווייסט וואס? איהר ווייסט ניט? טאָ הערט זיך איין, איידער עס וועט אויסברעכען נאָך אמאָל א פּאָגראָם, לאמיר באהאלטען אַלע פעדערס, אַלע טינטערס און דאָס גאנצע פּאפּיר און דאמאָלט וועלען מיר זעהן, וואס די דאָזיגע זעכצעהן לייט וועלען טאָן.

די אידען האָבען איינגעשטימט, צוזאַמענגעלייגט זיך, אבגעקויפט דאס גאנצע פּאפּיר, אַלע פעדערס און זיי באהאַלטען, און אַלע טינטערס אריינגעגאָסען אין שווארצען ים אריין און אוועקגעזעצט זיך ווארטען.

לאנג איז זיי ניט אויסגעקומען צו ווארטען: מען האָט בא־קומען אָן ערלויבניש, מען האָט געמאכט דעם פּאָגראָם, די אידען ליגען אין די שפּיטעלער און די הומאַניסטען לויפען איבער פּעטער־בורג, זוכען פּאפּיר, פעדערס, — ניטאָ קיין פּאפּיר, ניטאָ קיין פּע־

דערס, אויסער אין די קאנצעלאַריעס פון זייערע האָהייטען, און די — ווילען ניט געבען.

— ניין, ברידערלאך, — זאגען זיי, — מיר ווייסען צו וואס איהר דארפט עס האָבען. איהר וועט עס פון אונז ניט קריגען.

און דאס אינגעל, וואס איז שוין איצט דריי און פערציג יאהר, וויינט:

— כ׳וויל פּראטעסטירען.

אבער אויף וואס — איז ניט געוועז.

— אפשר אויף א וואנד? — האָט זיך איינער פון זיי אפגע־רופען.

אבער אין פּעטערבורג זיינען קיין וועגד ניט געוועז, בלויז איי־זערנע גראַטעס.

זיי האָבען ניט פּארלארען קיין מוט און געלאזט זיך זוכען אין דער געגענט ארום, ביז זיי האָבען געפונען א וואנד פון ציגעל. אבער קוים האָבען זיי אויפגעשריבען מיט קרייד די ערשטע בוכשטאב, האָט זיך ווי פון הימעל באוויזען א פּאליציסט און ערענסט גענומען ריידען:

— וואָס זאָל דאס בעדייטען? ווען א קינד זאָל דאס טאָן, וואָלט איהר איהם שטארק אויסגערעדט, און איהר אליין — סאָ־לידע, אזוי צו זאגען, הערען, טוט אזוינס...

הערענדיג דעם דאזיגען מוסר, זיינען זיי זיך צוגאנגען אהיים.

און דער דאָזיגער פּאָגראָם איז געבליבען אָהן א פּראָטעסט און די הומאַניסטען — אומצופרידען, אומבאַפרידיגט.

און גערעכט זיינען די מענשען, וואס פארשטעהען ראסען־פּסי־כאָלאָגיע, ווען זיי זאגען, — אז די אידען זיינען זעהר א כיטרע פאָלק!

# א רעדע, געהאַלטען אויף א פאַרזאַמלונג פון פאַר־שטעהער פון דער פרעסע.

אין די דאָזיגע וואהנזיניגע טעג איז אנגענעהם צו באגריסען מענשען, וועלכע קעמפפען מיט'ן וואָרט, נישט פארגיסענדיג דאָס טייערע מענשליכע בלוט, נישט פארניכטענדיג די פרוכט פון מענ־שען'ס שאַפען.

נאָר די מענשען פון עהרליכען געדאנק און עהרליכען וואָרט פיהרען די נויטיגסטע און באמת אומפארמיידליכע מלחמה — די מלחמה קעגען די הויפט־שונאים און דעספּאָטען פון דער מענש־הייט, קעגען נארישקייט, צביעות, גיריגקייט און ליגען.

די דאָזיגע מלחמה איז אַן אַלוועלטליכע פּלאַנעטאַרישע זאַך; אין דעם קאמף פון אידעען, אין דעם צוזאַמענשטויס פון באַגריפען און מיינונגען ווערט געבוירען דער אמת, ווערט באפרייט דער מענש.

פון קדמונים אָן קעמפּפען צווישען זיך די צוויי עלעמענטען — דאָס פינסטערע און דאָס ליכטיגע; דאָס פינסטערע — דאָס איז דאָגמאַ, איינבילדונג; דאָס ליכטיגע — דאָס איז די פרייע קריטיק פון די ערשיינונגען פון לעבען, — די קריטיק און די שטרענגע פאָרשונג, וואָס איז באזירט אויף דער פעסטער איבערצייגונג פון דעם מענשען אין זיין רעכט צו בויען זיין לעבען, לויט די באַ־פעהלען פון זיין ווילען און פארשטאנד.

אויב דעם מענשליכען געדאנק פעהלט גלויבען אין זיין קראַפט און פרייהייט, ווארפט ער זיך לייכט אונטער דעם איינפלוס פון די געשעהענישען, ווערט ער דאָגמאַטיש און דעספּאָטיש. אויב אָבער ער וואַרפט זיך נישט אונטער די איינדרוקען און עמאָציעס, נאָר ער פאָרשט מיטיג אויס יעדע סאָציאַלע ערשיינונג, ווי אַן אויספיהר פון דעם, וואָס עס איז געווען, און א פאַראויסזעצונג פון דעם, וואָס וועט ערשט קומען, שאפט ער נייע אידעען און ברייטערט דערמיט אויס די פרייהייט פון גייסט.

איך וועל זיך דערלויבען צו ברענגען איינינע ביישפילען פון דעם, ווי אזוי דער נישט־זיכערער אין זיין קראפט און נישט־פעסטער געדאנק ווערט אונטערגעוואָרפען די דרויסענדיגע איינפלוסען.

אין פארלויף פון כמעט דעם גאנצען 18טען יאָהרהונדערט האָט די אויבערשטע שיכט פון דער רוסישער געזעלשאפט זיך דערצויגען אין גייסט פון וואָלטער׳ן, פון די ענציקלאָפּעדיסטען און פרייער קריטיק.

אין אָנהויב 19טען יאָהרהונדערט האָט מען אונז איינגערעדט, אז די פראנצויזען האָבען נישט גאָט אין הארצען, אז נאפּאָלעאָן איז דער שונא פון דער וועלט, אז די קולטור פון פראנקרייך איז דורכאויס צעפּוילט און, אין תוך גענומען, פיינדליך צום גייסט פון רוסישען פאָלק.

עס איז געגעבען געוואָרען א באפעהל צו לעבען גוט מיט די דייטשען, צו לערנען זיך ביי זיי, און אונזער געזעלשאפט איז פון דעם מאטעריאליזם פון די פראנצויזען גלייך אריבער צו אידעאליזם און מיסטיק, און אין פארלויף פון דעם גאנצען 19טען יאָהרהונדערט האָבען מיר געלעבט מיט די פּאָליטישע און פילאָזאָפישע אידעען פון דייטשלאַנד.

און איצט, אין אָנהויב 20טען יאָהרהונדערט, באציהען מיר זיך, זינט די לעצטע ניין חדשים, צו דייטשלאַנד פונקט אזוי נישט פריינדליך, ווי מיר האָבען אין אָנהויב 19טען יאָהרהונדערט זיך באצייגען צו פראנקרייך. און פונקט אזוי און אפילו מיט די זעלביגע ווערטער זאָגען מיר און שרייבען, אז די דייטשען האָבען נישט גאָט אין הארצען, אז ווילהעלם איז דער שונא פון דער וועלט, און די דייטשישע קולטור, פון וועלכער מיר זיינען גאנצע הונדערט יאָהר אנטציקט געווען, האָט אין איין חודש צייט זיך ארויסגעוויזען צו זיין פיינדליך צום רוסישען גייסט.

דער דייטש האָט זיך ביי אונז אין רוסלאַנד גערעכענט פאַר׳ן סינאָנים פון עהרליכקייט און פינקטליכקייט: עהרליך, ווי א דייטש, פינקטליך, ווי א דייטש — דאָס איז ביי אונז געוואָרען א ווערטעל. איצט אָבער איז דער דייטש מיטאמאָל געוואָרען א סינאָנים פון אומעהרליכקייט, אומפארשעהמטקייט און בארבאריזם. און דאָס

ווערט געזאָגט נישט וועגען יחידים, נאָר וועגען דער גאַנצער דייטשישער נאַציע.

מיר לעבען אלע אין אַן אַטמאָספערע, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט מענשען־האַס און גיפטיגער אויסדונסטונג פון בלוט, אין אַן אַטמאָספערע פון הספדים נאָך גע׳הרג׳עטע אויף די שלאַכטפעלדער; אין אונזער נשמה דרינגען מיט גוואַלט אריין פיל זאַכען, וואָס זיינען אונז פרעמד און נישט־ליב, און טויטען אין איהר דאָס געפיהל פון יושר, וואָס איז אזוי אויך ביי אונז בלוט־אָרעם און שוואַך־אַנטוויקעלט.

דאָרט, וואו עס איז פאַראַן איינבילדונג, מוז אומבאדינגט אויך זיין זעלבסט־איינבילדונג — ווען אַ מענש טרינקט זיך, שלינגט ער אריין אין זיך וואַסער נישט דערפאַר, ווייל ער וויל טרינקען, נאָר ווייל ער וויל אָטעמען, לעבען. מיר אָטעמען און — ווערען פאַר׳סמ׳ט. אויב די זאַך וועט אזוי ווייטער אָנגעהן, אויב מיר וועלען נישט זיין אימשטאַנד צו שטעלען זיך איבער די געשעהענישען און זיך נישט אויסלערנען בייצוקומען אונזער געוואוינהייט צו אונטערוואַרפען זיך די דרויסענדיגע איינפלוסען, קאָן גרייליך געמאָלט זיין, אַז די מענשען, וואָס דערקלעהרען אונז דעם זין פון די געשעהענישען, וועלען אונז מאַכען גלויבען, אַז דער בונד פון רוסלאַנד מיט די דעמאָקראַטישע לענדער פון אייראָפּע איז פיינדליך צום גייסט פון רוסישען פּאָלק און אַז פאַר דעם דאָזיגען גייסט איז גוט דער בונד מיט דייטשלאַנד, מיט׳ן לאַנד, וואו דער פּרינציפּ פון אַבסאָלוטיזם שטעהט נאָך גאַנץ פעסט.

איך פאַרטיידיג נישט די דייטשען, איך בין זיכער, אַז זיי פיהרען זיך אויף שלעכט, — זיי פאַרברענען און מאַכען חרוב שטעדט, טויטען אַ וועלט מיט מענשען, אריינרעכענענדיג דערביי אויך פרידליכע איינוואוינער.

איך וויל אָבער, מיינע הערען, דערמאָנען אייך דאָס קלוגע רוסישע ווערטעל:

— אַ פרעמדער נאַר איז אַ פרייד, אַן אייגענער — אַן אומגליק.

און איך בין זיכער, אַז עס וועט זיין פאַר אונז גלייכער און מענשליכער, אויב מיר וועלען אויפהערען צו קריטיקירען מיט אזאַ

התמדה פרעמדע נאַראָנים און וועלען בעסער זיך צוקוקען צו אונ־זערע היימישע נאַראָנים.

אחוץ דעם אומגעהויערען שאָדען, וואָס די דאָזיגע מלחמה ברענגט מיט זיך אויף אַ דירעקטען אופן, איז זי נאָך גורם דאָס קולטורעלע ווילד־ווערען, אַן אויסברוך פון זאָאָלאָגישע עמאָציעס, די אנטוויקלונג פון האַס, גייציגקייט און כל'ערליי ליגענס און צביעות.

די סמנים פון ווילד־ווערען זיינען דערהויפּט קענטיג און גע־פעהרליך ביי אונז אין רוסלאַנד, אין דעם לאַנד, וואָס פיהלט טיף, אָבער דענקט שלעכט, וואו עס איז פאַראַן פיל געוויסענהאַפטיג־קייט, אָבער ווייניג קלאָרער געזונטער פאַרשטאַנד, און וואו דער מענש האָט זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעלערנט צו אַכטען זיך אליין.

איך וועל דאָ נישט נעהמען אויסרעכענען די דאָזיגע סמנים — זיי זיינען אייך אַלעמען באוואוסט; איך וועל נאָר אָנווייזען, אויב איהר ווילט, אויף דער אנטוויקלונג פון אידען־האַס אין דער צייט ווען די אידישע סאָלדאַטען קעמפּפען און שטאַרבען אין די צעהנד־ליגער אין די רייהען פון אונזער ארמיי.

קיין זאַך נעהמט נישט אזוי שנעל און לייכט אוועק פון דעם מענשען זיין קראַפט און ווילען, ווי די איינבילדונג, דער היפּנאָז פון שרעק.

אָט איצט, אין די דאָזיגע שוידערליכע טעג, שרעקט מען אונז זעהר שטאַרק מיט דער אידישער געפאַהר, פליסט מען זיך — און נישט אָהן ערפאָלג — צו באאיינפלוסען די רוסישע געזעלשאַפט, דאָס רוסישע פאָלק מיט אידעען און געפיהלען פון אידען־האַס. דאָס ווערט געטאָן מיט זעהר איינפאַכע און זעהר קלאָרע מאָטי־ווען — דאָס רוסישע פאָלק איז שוין נישט קיין הערדע, עס האָט שוין אויסגעאַרבייט געוויסע סאָציאַלע באַדערפעניסען.

די אויסדריקערין פון די געפיהלען און פאַרלאַנגען פון פאָלק איז די ראַדיקאַלע און דעמאָקראַטישע אָפּאָזיציע.

מיינע הערען! די אידען־פראַגע אין רוסלאַנד ווערט פון אויס־גערעכענטע מענשען אוועקגעשטעלט, ווי אַן אַלגעמיין־רוסישע פּאָ־ליטישע פראַגע; זי ווערט מיט אַ כיון אוועקגעשטעלט אזוי שאַרף, כדי די רוסישע אָפּאָזיציע, וועלכע איז שוין אזוי אויך צעשפּלי־

טערט דורך דער קליינליכער פארטיי־פאליטיק, זאל דורך איהר זיך נאכאמאל צעשפאלטען אויף א נייער ליניע.

מען האלט אונז אין איין איינרעדען, אז דער איד איז א שונא פון רוסישען פאלק און א פארעטער, — און דאס רוסישע פאלק איז מחמת זיין אינטעלעקטועלער פוילקייט זעהר לייכטגלויביג און האט ליב צו זוכען די סבות פון זיין שלימען לעבען אויסער זייןווילען און שכל.

און אין דער מיט פון אט דער מאראלישער שוואכקייט, אין דער מיט פון אונזער ארגאנישער נייגונג רעכטצופארטיגען דורך דרויסענדיגע סבות אונזער נישט־קענען־לעבען, ווערט ארייגעבראכט דער נייער פרינציפ, וואס דארף אונז פאנאנדערשיידען בנוגע צו דער פראגע וועגען די רעכט און דער לאגע פון די אידען אין רוסלאנד.

מיר זיינען קליין אין צאהל, מיר זיינען אזוי אויך פאנאנדערגעשיידט און ניט שטארק, מיר אונטערוואדפען זיך לייכט די דרויסענדיגע איינפלוסען, און עס זיינען שוין פאראן סמנים פון שארפער צעטיילונג פון אונזערע אינטעלעקטועלע כחות בנוגע צו דער אידען־פראגע — מען וועט אייך דא אנווייזען די דאזיגע סמנים.

אבער מיט׳ן פראפאגאנדירען אידען־האס ווערט געצילט נישט נאר צו צעברעכען די אפאזיציע, נאר צו א פיל־טיפערער זאך: אראפלאזענדיג זיך צו די מאסען פון רוסישען פאלק, וועט דער אידען־האס אהן צווייפעל אונטערגראבען דעם אזוי אויך שוואכען איינפלוס פון די קולטור־מענשען אויף דער פאלקס־מאסע, אונטערגראבען דעם באדען, אויף וועלכען די אפאזיציע האלט זיך.

אידען־פיינדליכע שטימונגען דרינגען אריין אין דארף, צעגיסען זיך איבער גאנץ רוסלאנד, און מיר קאנען זיך ריכטען, אז אין א געוויסען מאמענט וועט דאס פאלק, אויסקלייבענדיג זיינע דעפוטאטען, זיי שטעלען די פראגע, צי זיינען זיי פאר אידען אדער קעגען זיי?

אזא פראגע וועט געשטעלט ווערען, אויב די זאך וועט וייטער אנגעהן אזוי, ווי מיר לאזען זי געהן, אויב מיר וועלען נישט באגרייפען, אז די אידען־פראגע ווערט ביי אונז אוועקגעשטעלט אזוי, ווי זי איז נאך ערגעץ נישט אוועקגעשטעלט געווארען, נעמליך, ווי

אַ פראַגע פון דער טיפסטער קולטורעלער און פּאָליטישער באַדייטונג.

שטעלט זיך פאַר, אַז מיר וועלען האָבען דורכפאַלען אויף דער מלחמה, אָדער מען וועט אונז פארטיילען ביים שליסען פרידען — מען קאָן זיין פאָראויס זיכער, אַז מען וועט וואַרפען די שולד דערפון אויף די אידען.

וווייטער — דער רוסישער פּויער דענקט איינפאַך, לויט דער אַנאַלאָגיע: — אויב די פּריצים זיינען געווען לייב־אייגענטימער, איז דער רעוואָלוציאָנער אויך אַ פּריץ און אַ לייב־אייגענטימער, אויב דער איד איז אַ שונא, פאַרוואָס זאָל דער אַרמענער און דער טאַטער אויך נישט זיין קיין שונא?!

דורך אַזעלכע לאָגישע אויספיהרען וועט דער וואוקס פון אונזער קולטור זיך ווייט נישט פארשנעלערען.

די נאַציאָנאַל־פראַגען אין רוסלאַנד זיינען אָהן אַן ערך קאָמפּליצירטער, ווי, למשל, אין עסטרייך, און אין דעם ליגען פאַר אונז פארבאָרגען פיל אומגליקען.

די אינטעלעקטועלע קראַפט פון אונזער לאַנד דאַרף וויסען און געדענקען, אַז דורך אָט דער קלוגער פּאָליטיק טיילט זיך דאָס 55־מיליאָנענדיגע גרויס־רוסישע פאָלק ביסלעכווייז אָפּ פון דער 170־מיליאָנענדיגער באַפעלקערונג פון לאַנד און שטעלט זיך אוועק, אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, אין אַ פיינדליכער אָפּאָזיציע צו דער גאַנצער איבעריגער באַפעלקערונג, מיט די אוקראַינער בתוכם.

און עס איז זעהר מעגליך, כמעט אומפאַרמיידליך, אַז דאָס גרויס־רוסישע פאָלק וועט אמאָל זיך דערזעהן אין פיינדליכע באַציהונגען מיט אַלע פעלקער פון דער אימפּעריע, און כאָטש די דאָזיגע באַציהונגען זיינען נישט מיט זיין ווילען באַשאַפען געוואָרען, וועט עס אָבער אַליין דאַרפען אין זיי זיך פאַנאַנדערפּלאָנטערען און זיי באַקעמפּפען.

די אינטעלעקטועלע קרעפטען פון רוסלאַנד מוזען זיך פאַרטראַכטען איבער אָט דער גאַנץ־מעגליכער צוקונפט און אָננעהמען אַלע מיטלען, וואָס קאָנען פאַרהיטען אָדער לייכטער מאַכען דעם דראַמאַטיזם פון דער לאַגע. די אינטעלעקטועלע קרעפטען פון אונזער לאַנד מוזען שטרעבען צו אחדות.

ווענדענדיג זיך צו אייך, מענשען פון עהרליכען וואָרט, האָפען מיר, אַז איהר וועט זיך ערנסט באַציהען צו דעם, וואָס איך האָב דאָ ארויסגעזאָגט, און געדענקען, אַז אייערע שטימען ווערען טעג־ליך געהערט איבער גאַנץ רוסלאַנד.

אין די אינטערעסען פון פרייהייט פון גייסט, אין די אינטע־רעסען פון אונזער לאַנד און קולטור, איז נויטיג צו ברענגען די רוסישע געזעלשאַפט, דאָס רוסישע פאָלק צום באַוואוסטזיין, אַז דער אידען־האַס ווערט אנטוויקעלט אויף אַ קינסטליכען אופן, מיט אַ באַשטימטען ריין־פּאָליטישען ציל צו צעברעכען די אָפּאָזיציע אין דער פראַגע וועגען דער גלייכבארעכטיגונג פון די אידען און, פארשפרייטענדיג אין פאָלק אידען־פיינדליכע שטימונגען, צו שאַ־פען אַ נייע שפּאַלטונג צווישען די קולטור־מענשען און דער מאַסע און ארויסצורופען ביים פאָלק אַ פארדעכטיגע און פיינדליכע באַ־ציהונג צו די סאָציאַלע און פּאָליטישע אידעען פון דער אָפּאָזיציע.

# אַן ענטפֿער אויף אַן אַנקעטע איבער דער פֿראַגע פֿון אַנטיסעמיטיזם.

לעבענספֿעהיג און קולטורעל איז נאָר יענע געזעלשאַפֿט, וועלכע איז געבויט אויף די אידעען פֿון רעכט און יושר; ווייל נאָר אָט־די אידעען העלפֿען די מענשען צו באַזיגען די זאָאָלאָגישע עלעמענטען פֿון עגאָאיזם, ווייל נאָר זיי אַליין זיינען אימשטאַנד אַריינצובריינגען אין דעם כאַאָס פֿון דעם מענשענ׳ס טונקעלע געפֿיהלען דאָס ליכט פֿון פֿאַרנינפֿטיגען ווילען.

יושר — דאָס איז דער שיר השירים, וואָס אַלע פֿאַרנינפֿטיגע מענשען פֿון דער וועלט דאַרפֿען נישט מיד ווערען צו זינגען. אַלע מענשען, וואָס אַכטען זיך, און פֿאָדערען דעריבער אַכטונג צו זיך.

אָנערקען פֿאַר אַנדערע די רעכט, וואָס דו פֿאַרלאַנגסט פֿאַר זיך אַליין, און אַלע וועלען אָנערקענען דיין רעכט צו זיין דאָס, וואָס דו ביסט ביכולת צו זיין, — דאָס איז דער איינציגער גלייכער און ערליכער וועג, וואָס פֿיהרט דעם מענשען צו פֿרייהייט.

רוסלאַנד, ווי דאָס איז יעדען איינעם באַוואוסט, נויטיגט זיך באַזונדערס אין דער אַנטוויקלונג און פֿאַרטיידיגונג פֿון די אידעען פֿון פּאָליטישען און סאָציאַלען יושר, — וואָסער אַנדער זאַך, אַ חוץ אָט־די אידעען, קאָן דען פֿאַראייניגען אַלע לעבעדיגע כחות פֿון אונזער פֿיל־פֿעלקערדיגער און נישט־איינגעשטעלטער מדינה?

אויף דער רוסישער ערד וואוינען אַריבער הונדערט פֿעלקער פֿון פֿאַרשידענע לשונות און גלויבען; די מענשען פֿון דעם הערשענדיגען, גרויס־רוסישען פֿאָלק זיינען נאָר פֿינף און פֿופֿציג מיליאָן פֿון הונדערט און זיבעציג, — איז דען נישט קלאָר, אַז אונזער קולטורעלער לאָזונג דאַרף זיין פֿרייהייט און אחדות?

קיין מלוכה אין דער וועלט האָט נישט פֿאַר זיך אַזאַ גראַנדיעזע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט, קיין אייראָפּעאישע געזעלשאַפֿט מוז נישט מיט אַזאַ ענערגיע און פֿאַרטונקייט זאָרגען פֿאַר דער

אינוועניגסטער פרייער צונויפגיסונג פון אלע איהרע ווילענס און גייסטער, ווי דאס איז אויסגעפאלען אויפ'ן גורל פון דער רוסישער געזעלשאפט.

און עס איז גאר נישט פאראן נאך א געזעלשאפט, וואס זאל זיך באציהען אזוי פאסיוו און נישט־אויפמערקזאם צו די אינטע־רעסען און דער קולטור פון אנדערע פעלקער, ווי מיר, רוסען, באציהען זיך צום לעבען פון די פעלקער, וואס שטעלען צוזאמען אונזער אימפעריע.

די פעסימיסטען ועלען אפשר זאגען, אז די מענשען, וואס זיינען נישט פעהיג צו קעמפען פאר זייערע אייגענע רעכט, זיי־נען אודאי נישט פעהיג צו פארטיידיגען דורך טאטען די רעכט פון אן אנדער פאלק, אבער זאגען אזוי הייסט דאך אנערקענען, אז די רוסישע געזעלשאפט, דאס רוסישע פאלק איז גייסטיג־טויט.

מיר גלויבען שטארק אין די יונגע נאך פארבארגענע כחות פון דעם רוסישען פאלק, מיר גלויבען אין דעם שכל פון לאנד, אין זיין ווילען צו א גוטען יושר'דיגען לעבען.

אבער זעהט: די מלוכה און די געזעלשאפט נעמען ביי די אידען אלץ, וואס זיי קאנען געבען — שכל, ענערגיע, לעבען, — נישט געבענדיג זיי דערפאר אפילו דאס נויטיגסטע, — די מעגליכ־קייט צו לעבען, צו לערנען זיך, פריי צו אנטוויקלען זייערע רייכע פעהיגקייטען. עס זיינען פאראן מענשען, וואס באקלאגען זיך, אז די אידען עקספלואטירען דאס רוסישע פאלק, עס זיינען פאראן מענשען, וואס האבען כלומר'שט מורא, אז די אידען זיינען פעהיג צו פארשלינגען גאנץ רוסלאנד.

קיינער עקספלואטירט נישט דעם מענשען אזוי אומדערבאר־רעמדיג און פרעך, ווי זיין אייגענע נארישקייט. עס איז לעכערליך גאר צו רעדען וועגען דעם, אז פינף מיליאן אידען זיינען פעהיג מיט וואס־עס־איז און אויף וועלכען־עס־איז אופן צו שטערען דעם רעגעלמעסיגען גאנג פון לעבען אין א מלוכה, וואס האט א באפעלקערונג פון הונדערט זעבציג מיליאן.

די אידען־פראגע אין רוסלאנד איז לויט איהר געזעלשאפטליכער וויכטיגקייט אונזער אייגענע הויפט־פראגע וועגען דער נארמאלער

איינאָרדנונג פון לאַנד ; דאָס איז אַ פראַגע וועגען דעם, ווי אַזוי צו באַפרייען אונזערע בירגער פון אידישען גלויבען פון דעם דרוק פון רעכטלאָזיגקייט. דער דאָזיגער דרוק איז אונזער שאַנד און איז געזעלשאַפטליך שעדליך פאַר אונז ; ער טויט אָפּ די לעבעדי־גע און פרייע ענערגיע פון אידישען פאָלק, וואָס איז גישט ווענ־יגער נויטיג פאַר'ן וואוקס פון אונזער קולטור, ווי עס איז נויטיג פאַר רוסלאַנד די שעפערישע ענערגיע פון די רוסישע מענשען גופא.

פון אַלע פעלקער, וואָס שטעלען צוזאַמען די אימפעריע, זיינען די אידען אַ פאָלק, וואָס איז אונז צום נאָהענטסטען, ווייל זיי האָ־בען אוועקגעגעבען און גיבען אוועק פאַר'ן וואוילזיין פון רוסלאַנד אַ גרעסערען טייל פון זייער אַרבייט, ווייל זיי האָבען מעהר ענער־גיש געדינט און דינען דער שווערער און גרויסער אויפגאַבע צו אייראָפעאיזירען אונזער האַלב־אַזיאַטיש לאַנד. עס איז גאָר נישטאָ קיין געביט, וואו דער איד זאָל נישט אַרבייטען צוגלייך מיט'ן רוס און נישט מיט ווענינער ערפאָלג, ווי ער, — דאָס קאָן מען נישט אָפּלייקענען.

די אַרבייטס־פעהיגסטע מענשען, די אידען, זיינען ווענינער פון אַלע פאַרזיכערט אין זייערע מענשליכע רעכט, — מיר, רוסען, טאָרען נישט מאַכען שלום מיט דער דאָזיגער אומגערעכטיגקייט, דאָס איז אַ שאַנד־פלעק אויפ'ן געוויסען פון יעדען איינעם פון אונז.

געדענקט, — עס רעדט זיך דאָ נישט וועגען באַזונדערע, אויס־שליסליכע רעכט פאַר אידען, נאָר מעהר נישט, ווי וועגען אויסגליי־כען זיי מיט אונז, רוסען.

מיר לייקענען נישט אָפּ, אַז עס זיינען פאַראַן מענשען, פאַר וועל־מען געלד איז טייערער פון זייער פאָטערלאַנד, — אַזעלכע מענ־שען זיינען פאַראַן ביי אַלע פעלקער, דאָס רוסישע פאָלק אַריינגע־רעכענט ; פאַר אַ סך מענשען איז דאָס געלד העכער פון אַלץ אין דער וועלט, אָבער אַזאַ מין אָפּשעצונג איז זיי נעגעבען געוואָרען נישט היינט און נישט פון די אידען.

עס איז פאַראַן נאָך אַ באַדינגונג, וואָס קאָן אַרויסרופען אידען־פיינדליכע קלאַנגען, און דאָס איז דער פוילישער אַנטיסע־מיטיזם, וואָס איז נעשאַפען געוואָרען דורך דער גירוש־פּאָליטיק בנוגע צו אידען. איינשטעלענדיג אַ תחום האָבען מיר דער־

מיט אַרויסגערופען ביי די פּאָליאַקען א האַס צום גר, צום פרעמדען. און עס קאָן אויך זיין, אַז אַ געוויסער טייל פון פּוילי־שען פּאָלק, אָפּהיטענדיג זיין אַלטע אייראָפּעאישע קולטור, איז חושד די אידען אין רוסיפיקאַטאָרישע טענדענצען. ווען מענשען איז זעהר ענג, שטויסען זיי איינער דעם צווייטען גאָר אָהן רחמנות.

מיר דאַרפען געדענקען, אַז אין די דאָזיגע טראַגישע טעג פון אונזער אויסמאַטערענדיגען קאַמף קעגען שונא, פאַרטיידיגט דאָס אידישע פּאָלק, — דאָס פּאָלק, וואָס האָט פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט צוועקגעשטעלט דעם געבאָט „לא תרצח", — פאַר־טיידיגט דאָס דאָזיגע פּאָלק רוסלאַנד, פאַרגיסענדיג פריי זיין אייגען און פרעמד בלוט.

די וועלט לעבט נישט מיט די פאַרברעכענס פון די רשעים, נאָר מיט די מעשים פון די צדיקים, און עס איז גאָר נישטאָ קיין הייליגערע העלדען־מעשים ווי דאָס אָפּזאָגען זיך פון זיך אַליין פאַר דעם וואויל און פרייהייט פון אַנדערע.

די דאָזיגע העלדישקייט טוען די אידען אויף מיט דערזעלבי־גער מוטיגקייט און זעלבסט־אויפאָפּפערונג, ווי עס טוט עס דער פראַנצויז, דער סערב און דער ענגלענדער. אבער יעדער איינער פון די לעצטע פאַרטיידיגט דערמיט זיין פאַטערלאַנד, וואו ער איז אַ פול־באַרעכטיגטער בירגער, זיין געזעלשאַפט, וואָס פיהלט צו איהם אַכטונג און רעכענט זיך מיט זיינע רעכט.

ביי פילע פון אונז איז אָנגענומען, אַז דאָס רוסישע פּאָלק פאַרמאָגט אַ העכסט־אַנטוויקעלט געפיהל פון געוויסען און אַ באַ־זונדערע הארציגקייט, וואָס גיט איהם דעם ערשטען אָרט צווישען אַלע איבעריגע פעלקער.

ווענדענדיג זיך צום הארץ און שכל פון די רוסישע מענשען, פּראָטעסטירען מיר קעגען דער אַלגעמיינער באַשולדיגונג פון אַ גאַנץ פּאָלק אין פאַרראַט, אין נישט־האָבען קיין עהרענגעפיהל און ליבע צו רוסלאַנד, וואָס איז הגם צום דאָזיגען פּאָלק נאָר אַ שטיף־מוטער.

מיר פּראָטעסטירען קעגען אַלע באַשרענקונגען קעגען די אידען.

מיר נויטיגען זיך אין שטאַרקע ארבייטס־פעהיגע מענשען,

— און איז דען נישט שטאַרק אין גייסט דאָס אוראַלטע פאָלק, וואָס האָט זיך אָנגעגורט מיט מוט צו טראָגען דעם שווערען יאָך פון גלות און טראָגט איהם טאַקע איבער דער ערד שוין צעהנדליגער הונדערטער יאָהרען, נישט ווערענדיג גאָר מיד צו זייען אויף זיין וועג די אידעען פון מענשען־ליבע און צו שטרעבען צום טריאומף פון פרייהייט און שענקייט.

עס איז שענדליך און שענדליך פאַר אונז און עס האָט קיין זין נישט צו אונטערדריקען אַ פאָלק, וואָס האָט געגעבען דער וועלט די גרעסטע נביאים פון אמת און יושר און באשענקט נאָך ביז היינטיגען טאָג די וועלט מיט מענשען פון גרויסען טאַלאַנט און שכל.

עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלען מיט אַלע אונזערע כחות זיך אָננעמען פאַר די אידען, עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלען זיי ארויסווייזען די פולע און פולשטענדיגע גערעכטיגקייט.

זאָל דאָס וואָרט ווערען אַ טאַט!

# וועגן אַ געוויסער אַנקעטע.*)

דעם מאַטעריאַל פאַר דעם פאָרטראַג האָבען מיר באַקומען דורך דעם, וואָס דורך אַ מיספאַרשטענדניש איז אין אַ פּעטראַגראַדער צייטונג ערשינען, און שפּעטער דורך איינינע פּראָווינציעלע אויס־גאַבען איבערגעדרוקט געוואָרען, דער אַנקעטע־בויגען וועגען דער אידען־פראַגע, וואָס מיר האָבען זיך געקליבען צו מאַכען בלויז צווי־שען ליטעראַטען, וויסענשאַפטסלייט און פּאָליטיקער.

אַ דאַנק דעם דאָזיגען צופאַל האָבען מיר באַקומען 267 בריף פון די פאַרשידענסטע טיילען פון רוסלאַנד. עס איז פאַרשטענדליך, אַז אַ דריטהאַלבען הונדערט בריף פון אַ צוויי מיליאָנענדיגער באַ־פעלקערונג איז אַן אומבאַדייטענדע צאָל; מיר דאַרפען אָבער האָ־בען אין זינען געוויסע אומשטענדען, וואָס זיינען געווען אַ שטער־רונג פאַר אַ גרעסערער קאָרעספּאָנדענץ.

ערשטענס: די צייט צו ענטפערען אויף דער אַנקעטע איז באַגרענצט געוואָרען אויף צוויי וואָכען. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז פאַר דער פּראָווינץ איז די צייט אויסגעקומען נאָך קירצער.

צווייטענס: האָבענדיג אין זינען זיך צו ווענדען אויסשלים־ליך צו אונזערע ליטעראַטען, וויסענשאַפטסמענער און פּאָליטיקער, זיינען די פראַגען געשטעלט געוואָרען אין אַזאַ פאָרם, אַז פאַר דעם פּשוט'ען מענשען זיינען זיי געווען זעהר שווער צום פאַרשטעהן, און זיי האָבען טאַקע ארויסגערופען דעם פּאָרדינטען פאָרוואורף פון פיעלע קאָרעספּאָנדענטען.

ה' איוואַנאָוו פון וולאַדיקאַווקאַז, צום ביישפּיעל, וואָרפט אונז פאָר: „געשריבען איז עס ביי אייך, העררן ליטעראַטען, ניט פאַר'ן פאָלק, ניט אויף דער רוסישער פאָלקס־שפּראַך, און מען דאַרף באַ־

*) אַ פאָרטראַג, געהאַלטען דעם 12טען דעצעמבער, 1915, אין דער „רוסישער געזעלשאַפט צו שטודירען דאָס אידישען לעבען".

זיצען כמעט אן אוניווערזיטעטען בילדונג צו פארשטעהן אייערע פראגען".

אין צעהן ענטפערס האָב איך באמערקט דעם זעלבען פאר־וואורף.

איך גלויב, אז נעהמענדיג דאס אלץ אין אנבאטראכט, דארפען מיר אנערקענען, אז די דאָזיגע בריף — מעהרסטענס לאַנגע, גע־שריבענע פון דעם אזוי אויך ווייניג באוועגליכען רוסישען מענש, — זיינען עדות, אז די פראגען, וואָס מיר האָבען אויפגעהויבען, אינטערעסירען זעהר ערנסט דעם רוסישען בירגער.

איך האַלט אויך פאר וויכטיג צו דערמאָנען אז פילע בריף טראָגען א קאָלעקטיווען כאראקטער; זיי זיינען אונטערגשריבען פון גאנצע גרופען, און מיר קענען דערפאר גאנץ פריי פארגרעסערען אויף נאך א צוויי־הונדערט די צאָהל פון אונזערע קאָרעספאָנ־דענטען.

יעדער מענש פארדינט, אז מען זאָל זיך באציהען צו איהם מיט אויפמערקזאמקייט, און ווען א פינף הונדערט אינדיווידומען זאגען זיך מיט א מאָל ארוים וועגען אזא ברענענדיגער פראגע, ווי די אידען־פראגע איז, — צווינגט עס אונז זיך צו באציהען צו דער שטימע פון אָט די מענשען מיט א באזונדערער אויפמערקזאמקייט.

איינגענטליך וואָלט מען געדארפט כּארטירען די ענטפערס לויט די סאָציאַלע גרופען, צו וועלכע די קאָרעספּאָנדענטען באלאנ־גען, אבער פיעלע בריעף זיינען אנגעקומען אנאָנים, אנדערע זיינען אונטערגעשריבען געוואָרען מיט פּסעוודאָנימען, מיט איניצאלען, א. ז. וו.

אונגעפעהר קענען די ענטפערס אזוי גרופּירט ווערען:

אינטעליגענטען — 127.

ארבייטער — 85.

פּויערים — 57.

אפּיצירען — 4.

לעהרער — 5.

סטודענטען — 4.

זעלנער — 9.

אַלע אנאָנימען און פּסעוודאָנימען זיינען פארברענטע אנטי־

סעמיטען. איך האלט דאס פאר זעהר כאראקטעריסטיש; ווארים, ווען א מענש האט מורא צו זאגען אפענערהייט דאס, וואס ער האלט פאר אמת, איז עס א סימן, אז ער איז ניט זיכער, אז זיין אמת איז דער ריינער אמת, אדער ער פיהלט, אז מיט זיין אמת דארף מען זיך שעמען, ווי מיט א קראנקהייט.

נישט בלויז ערקלערען און קלאר מאכען די מיינונגען פון די שונאים און פריינד פון יודענטום איז דער ציעל פון מיין רעפעראט, איך וואלט אויך געוואלט קלאר מאכען די אורזאכע פון אנטיסע־מיטיזם. איך וואלט געוואלט געפינען אין אויפדעקען דאס אלגע־מיינע אין די ענטפערס, וואס צווינגט צו קומען צו א רע־זולטאט, וואס איז פיינדליך פאר די רוסישע בירגער פון אידי־שען גלויבען.

איך וועל אנהויבען פון די מיינונגען פון די אנטיסעמיטען־אינטעליגענטען.

איוואן ט., מיטטיילענדיג אז די אידען־פראגע אינטערעסירט איהם שוין פון לאנג, זאגט:

„אין די מייסטע אייראפעאישע מלוכות זיינען די אידען דער אנטימאראלישסטער עלעמענט. אן אלגעמיינע שנאה צו אידען הערשט צווישען אלע פעלקער, וואס באוואוינען רוסלאנד; די דאזיגע שנאה איז געגרינדעלט אויף ראכען־אידיאסינקראזיע".

און ווייטער זאגט ער: „עס איז אונמעגליך ניט צו באמער־קען די צופאלענדע ראל פון יודענטום אין דער אידעאלאגיע פון קריסטענטום און נאציאנאליזם, און די שאפענדע ראל אין דער אידעאלאגיע פון סאציאליזם".

ווי איהר זעהט, האט איהר דא פאר זיך א מענשען, וואס פאר־אורטיילט אידען אהן וועלכען עס איז גרונד; עס דארף נאר בא־וויזען ווערען, אז „אן אלגעמיינע שנאה צו אידען הערשט צווישען אלע פעלקער, וואס באוואוינען רוסלאנד". — מיר איז די דאזיגע אלגעמיינע שנאה אומבאקאנט.

איך גלויב, אז דעם הערן ט. איז זי אויך אומבאקאנט, כאטש ער האט זיך געלערענט אין אוניווערזיטעט, און וואס אנבעלאנגט זיין בארופען זיך אויף דער צופאלענדער ראל פון יודענטום אין דער אידעאלאגיע פון קריסטענטום און נאציאנאליזם און אויף דער שא־

פענדער — אין דער אידעאלאגיע פון סאציאליזם, וועלען פיעלע זיין גרייט עס אנערקענען פאר א פאזיטיווען פארדינסט פון אידי־שען גערדאנק.

א מענש פון ווילנא מאטיווירט אזוי זיין נעגאטיווע באציהונג צו אידען:

„איך בין אן איבערגעצייגטער געגנער פון שכרות, אבער איך מוז מודה זיין, אז א געוויסע סארט ערעלקייט איז צו באמערקען אפילו ביי א שכור'ען אייראפעיער. In vino veritas זאגט אן אלט שפריכווארט. און ווירקליך, געוואגטקייט, הארציגקייט, דאס פאנטאזירען פון עפעס אונבאשטימטעס, העכערעס, באמערקט זיך אפילו ביי דעם איינגעהאלטענסטען אריער, ווען זיין ווילען פאר־לאזט איהם, מעג עס אפילו זיין אונטער דער ווירקונג פון אלקאהאל. פארקערט, עס איז ניטא עפעס עקעלהאפטערעס און מיאוס'ערעס, ווי א שכור'ער איד. א איד, וואס געהט ארויס פון נארמאלען צו־שטאנד, פלאפעלט, פארגעהט זיך א. אז. וו...״

פאלגליך — דער אמת, וואס איז ארויסגענומען געווארען פון פלעשעל, זאגט: א שכור'ער אריער איז בעסער פון א שכור'ען סעמיט.

וו. פון קורסק ווייזט אן אויף דעם ליטערארישען מקור פון זיין אנטיסעמיטיזם:

„איך טייל מיט אט די דריי עהרליכע און פארנינפטיגע רו־כישע מענשען, אז דער רעצעפט פון זייער „דריי־שרייבער" ק. אנק־זייט געפינט זיך אין טשעמבערליינ'ס בוך: „די אידען זייער אפשטאמונג און די אורזאכען פון זייער איינפלוס אין אייראפא", ארויסגעגעבען פון א. ס. סואווארין אין 1907. עס איז א חרפה צו זיין אזוי אונקולטורעל און אומוויסענד".

אויסער איהם בארופען זיך נאך דריי אויף טשעמבערליינ'ס בוך.

די ליטעראטור האט אויך פארפיהרט ג. ב. צום אנטיסעמי־טיזם, ער טיילט מיט:

„דאסטאיעווסקי האט געזאגט, אז אייב רוסלאנד וועט אונ־טערגעהן, וועט עס זיין דורך די אידען. און דאס איז דער אמת'ר אמת".

דיזעלבע מיינונג האט אויך פאוולאוו פון פערם:

„אייער פרואוו צו פארטיידיגען די זשידעס איז ניט אם פלאץ, און באליידיגענדיג פאר׳ן רוסישען מענשען. זיי, די זשידעס, זיינען ביז׳ן היינטיגען טאג געבליבען די זעלבע פארדעטער, וואס זיי זיי־נען פון שטענדיג אן געווען. נישט בלויז די רוסען האבען זיי פיינט, — נאר, ווי עס זאגט דאסטאיעווסקי, אלע“.

פון טאשקענט שרייבט מען:

„מיין נעגאטיווע באציהונג איז באגרינדעט אויסשליסליך אויף מיין פיעל יעהריגער אייגענער ערפאהרונג צווישען אידען; דער־נאך, אויף די רייד פון מענשען, וואס פאר־דינען דעם פולסטען צו־טרויען. און, אויסער דעם, זעהר פיעל שוין גארנישט שמייכלענדעס האב איך געלעזען וועגען אידען ביי די באדייטענדסטע שריפט־שטעלער“.

86 אידען־פיינדליכע, שארף אנטיסעמיטישע בריף נעפינען זיך צווישען דער גרופע, אויפ׳ן איינפלוס פון דער ליטעראטור בא־רופען זיך בלויז זיבען קארעספאנדענטען.

איך וועל צוליגען דעם בריעף פון דעם קליין־רוסישען ליטע־ראט פ. ג.

„דער אנטיסעמיטיזם, ווי א געזעלשאפטליכע ערשיינונג, האט זיך ביי אונז, אין זיד־רוסלאנד, באוויזען צום ערשטען צווישען די נוטמוטיגע, פשוט׳ע פויערים, וועלכע האבען דערזעהן, אז אין דעם קאמף פאר עקזיסטענץ זיינען זיי עלענדע, נאאיווע קינדער און די אידען זיינען שרעקליכע ריזען, מיט וועלכע זיי וועט ניט קאנען גלייך מאכען ניט בילדונג און ניט וויסענשאפט. עס קלינגט קאמיש, אבער עס איז א פאקט, אז אין גאנץ אוקראינע איז ניטא קיין איין רוסישער סוחר, וואס זאל שטאמען פון פאלק, ווי עס איז דא אין אנדערע גובערניעס. און די מאלאראסען. ווי אלע ווייסען, האבען זעהר ליעב האנדעל... איך אליין האב האנדעל ליעב פונקט אזוי ווי די דיכטונג און מיין חלום פון מיין פריהסטער יוגענד אן איז צו ווערען א באדייטענדער סוחר און אין דערזעלבער צייט זיין א דיכטער“.

די מעהרסטע קארעספאנדענטען זידלען זיך אומגעפעהר אין אזא טאן און אין אזעלכע אויסדרוקען:

„געבען דעם זשיד רעכט הייסט אריינלייגען א שלאַנג אין קעשענע".

„נאָר אויסוואורפען קענען זיך איינשטעלען פאר די זשידעס. מען וואָלט אייך געדארפט אויפהענגען אויף איין בוים צוזאמען מיט די זשידעס. פארשאָלטענע זשידעס וואָס איהר זייט!"

מורין, א נאָטאַריוס און א פּאָרוטשיק, לאָזט וויסען קורץ:

„איך בין א רוהיגער, געזעצטער מענש, אבער איך מוז זאגען, אַז די אידען זיינען א מיזעראבעלער שטאַם צווישען דער מענשהייט".

ג. פּ. טיילט מיט זיינע געדאנקען זעהר קורץ און אויף א זונ־דערבארען אופן:

איבערלעזענדיג די אנקעטע וועגען די אידען, געפין איך גאר־נישט וואס אויסצוזעצען געגען אייער מיינונג. איך האַלט, אַז איהר זייט אויך זשידעס".

אזא שטימונג פאדערט ניט און ־יטיגט זיך ניט אין קיינע מאָטיווען. איך גלויב, אַז די דאָזיגע שטימונג איז אונז גענוג באַ־קאנט פון די צייטונגען פון רעכטען לאגער.

עס זיינען אבער פאראַן א גאנצע רייהע זעהר זאנדערבארע מאָטיווען. צום ביישפּיעל:

מאדאם פּ. פון קאַלוגע אין א לאַנגען בריעף דערצעהלט זעהר אויספיהרליך, אז פאר אן אנטיסעמיטין האָט איהר געמאַכט איהר אידישער מאַן; ער, פאַרשטעהט איהר אונז, האָט זיך פארליעבט אין מאדאם פּ.'ס טאָכטער, ד. ה. אין זיין שטיף־טאָכטער, און דער דאָזיגער דראמאַטישער עפּיזאָד האָט געמאכט, אז די מוטער זאָל קריגען אַ נעגאַטיווע באַציהונג צו אידען.

דער הערר אַלפאַ, ווידער, האָט זיך פארליבט אין אַ אידין, איבערגעשריבען זיך מיט איהר, שפּעטער האָט ער געוואָלט צוריק־באַקומען זיינע בריעף, — אבער לאָמיר לאָזען רעדען דעם העלד אליין:

„איך זעה, אז כדי צוריקצובאַקומען די בריעף איז אונבעדינגט נויטיג זיך צו האַלטען אזוי, פּונקט ווי עס וואָלט זיך גארנישט ניט געביטען, ווי עס וואָלט נאָך געלעבט דער אַלטער געפיהל, — פון לומפּען, טראַכט איך מיר, וועסטו מיט אַפענע געוועהר גארניט ארויס־

קריגען, נעם איך ארוים אלע איהרע בריף און לייג איהר פאר, אז מיר זאלען זיך בייטען מיט די בריף, ווארים בלויז אזוי ארום וועט פארשווינדען ביי מיר דאס אנצוטרויען צו איהר. זי האט די בריף גענומען, איבערגעקוקט, צי אלע זיינען פאראן, און געזאגט, אז מיינע בריף וועט זי מיר געבען מארגען. איך בין שטארק צוגע־שטאנען, זי האט זיך א ביסעל געקווענקעלט, אפנים, איהר האט זיך זעהר געוואלט האבען ביי זיך מיינע בריף (איך פארשטעה ניט צו וועלכען צוועק; איך ווידערהאל, צווישען אונז איז ווייטער פון ארומנעמען און קושען זיך ניט געגאנגען) און האט זיי ענדליך אפ־געגעבען. צו מארגען האב איך איהר שריפטליך געלאזט וויסען, אז דער הויפט צוועק פון מיין רייזע איז געווען צוריקצוקריגען מיינע בריף פון איהר, און איך בין אוועקגעפאהרען ניט געזעגענדיג זיך מיט איהר. איך בין זיך מודה, אז ביים אפנעמען ו'י בריף האב איך איהר א קוש געטאן אין באק, און אליין דערביי א טראכט גע־טאן „א קוש פון יודא", שפעטער האב איך זיך אלץ געזידעלט — צו וועלכען גוטען יאהר האב איך דאס איהר געדארפט קושען...".

איך פארשטעה גאנץ גוט, אז אין דער טראגישער פראבלעם, וואס אונז אינטערעסירט איצט, איז ניטא קיין פלאץ פאר וויצען און ביליגע אנעקדאטען, איך פארשטעה און פיהל עס. אבער גע־גען מיין ווילען רייסען זיך די וויצען אריין אין דער דראמא, די סא־ציאלע טעמפקייט און אונהעפליכקייט פון די הערן קארעספאנ־דענטען ברענגען זיי אריין.

מעהר אדער ווייניגער שרייבען זיי אלע קאמיש, אבער די שלו־סען צו וועלכע זיי קומען, רופען קיין פרעהליכען שמייכעל ניט ארוים.

דער הערר אלפא האט צו זיין ערצעהלונג פאלגענדען פאר־ווארט:

„געוועהנליך זאג איך מיינע געפיהלען און מיינונגען ניט ארוים אין דער עפענטליכקייט, ווייל איך וויל ניט נעמען קיין אנ־טייל אין דער אלגעמיינער כאר פון דער מאסע... די מייסטע מענ־שען האבען פיינט אויפ'ן קול ארויסצוזאגען זייערע געדאנקען, ווייל זיי האלטען זיי פאר זייער קדשי קדשים, אין וועלכער א פרעמדער — דער איד — האט ניט קיין רעכט אריינצוקומען... אט די דאזיגע

מענשען, וועמען עס איז פרעמד יעדע שטאַאַטליכקייט, יעדער שטאַאַטליך לעבען... ווען אין דער שפּיץ פון אונזער מלכה וואָלטען געשטאַנען אידען, און מיר, רוסען, וואָלטען געווען אין דער פאַרקערטער לאַגע, וואָלט אונזער לעבען געווען טויזענד מאָל ערגער פון דעם איצטיגען אידישען לעבען".

דער הערר אַלפאַ און די מאַדאַם ז. זיינען, פאַרשטעהט זיך, ניט די איינציגע, וואָס גלויבען, אַז זיי האָבען דאָס רעכט צו פאַראורטיילען די אידען אויפ'ן גרונד פון זייערע קליינליכע, פּערזענליכע דורכפאַלען. די איינציגע טרייסט איז, אַז מענשען פון דעם סאָרט פאַראורטיילען פּונקט אַזוי לייכט מענשען פון זייער אייגענעם פאָלק.

עס זיינען פאַראַן בריף, אין וועלכע עס איז דאַ אַ באַהאַלטענע איראָניע, זעהר אַ ביטערע איראָניע, וואָס ווערט אַזוי ווי פאַרדעקט פון די שרייבער.

עס ווערט, צום ביישפּיעל, אין איין בריף רעקאָמענדירט: „צונעהמען ביי אידען אַלע בירגערליכע רעכט און איבערלאַזען זיי בלויז מענשען־רעכט, דאַמאָלט וועלען אידען אַליין אַנטלויפען פון רוסלאַנד.

וואָס אייגענטליך דער בריף־שרייבער מיינט מיט'ן וואָרט „מענשען־רעכט", ערקלערט ער ניט, אָבער אַ גוטע פאַרשטעהונג מוז ער האָבען פון זיין פאָטערלאַנד, וואו מען קען ניט לעבען, ווען מען האָט מענשען־רעכט.

אָט האָט איהר נאָך אַ מוסטער פון פּאָליטישער רייפקייט. דער לעהרער מ. פין וואָלאָגדאַ שרייבט:

„דער איינפלוס פון אַנטיסעמיטיזם קען מען ניט אָבשעצען ווי עפּעס נעגאַטיוועס. לאָמיר האָפען, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט ברייננגען דערצו, אַז אַלע איבעריגע נאַציאָנאַליטעטען פון רוסלאַנד וועלען זיך פאַראייניגען אין אַלע, וואָס האָט צו טאָן מיט'ן ווירטשאַפטליכען לעבען און זיין גרייט צום קאַמף. מעגליך, אַז די אידען וועלען נאָך דאַרפען פאַרלירען אַלע רעכט. די איצטיגע אידישע רעכטלאָזיגקייט און די „טשערטאַ אָסידלאָסטי" שטופען אָפּ בלויז אויף אַ צייט די פאַראייניגונג פון רוסלאַנד, מאַכען שוואַכער די ענטוויקלונג פון אַנטיסעמיטיזם און זיין וואוקס. אָבער

דער אנטיסעמיטיזם איז אונבאדינגט נויטיג פאר רוסלאנד. אנ־טיסעמיטיזם איז דער פונקט, וואו עס קומען זיך צוזאמען די פאר־שידענע נאציאָנען וואס באוואוינען רוסלאנד".

און דער לעהרער פון קאלוגע זאגט ווייטער:

„די אידען אליין האָבען ארויסגערופען די באוועגונג געגען זיך. מיט'ן אויפבליהען פון דייטשען האנדעל און מיליטאריזם האָט דער אנטיסעמיטיזם אנגענומען זיין היינטיגען כאראקטער. האָבענדיג אויפגעראכט דעם געדאנק פון פאן־גערמאניזם, האָבען די אידען קלאָר זיך געשטעלט אויפ'ן וועג, וואס פיהרט צו דער אונטעריאכונג פון פעלקער, ווייל זיי באזיצען דאס גאָלד און שטי־צען זיך אויף די דייטשען, ווי אויף מיטהעלפער.

מאדאם א. פון ווילנא איז נייגעריג:

„וויפיעל זשע האָבען אייך די אידען באצאָהלט פאר הרג'ענען רוסלאנד?"

און שטעלענדיג די פראגע, זאגט זי:

„ווי נאר די מלחמה איז ערקלערט געווארען, האָבען די ארעמע ווילנער איינוואוינער דערזעהן אויפ'ן מארק אן אונגעוועהנליכע ערשיינונג: עס האָבען זיך באוויזען פון די דערפער גענז צו 80 קאָפּ. און קאטשקעס צו 40 קאָפּ. א פונט, — צו פרייזען וואָס מען קריגט עס אין דאָרף. די גרענעץ איז געווען פארמאכט און די אי־דען האָבען זיך געהאט פארלארען און דאס ארעמע פאָלק האָט גע־קענט עסען געפליגעל. אבער דער צושטאנד האָט זיך לאנג ניט גע־צויגען, די אי־ען האָבען גלייך געפונען א וועג ווי דאָס געפליגעל צו ברענגען צו די שונאים און צו ניי־יאָהר האָט שוין גאָנז ביי אונז געקאָסט 3 און אויך 4 רובל א פונט, אין אָפטמאָל האָט מען עס אין גאנצען ניט געקענט קריגען.

און גוטמוטיג לייגט זי צו:

„מאָדנע, באמת, איז די נאטור פון דעם רוסישען מענשען, שטענדיג קעמפט ער פאר אימיצען און ווען ער געווינט פאר יענעם דעם קאמף קריגט ער פון יענעם אלס באלוינונג א זעץ אין דער פלייצע... איך ווינש אייך אל דאָס גוטס, ענטשולדיגט, וואָס איך האָב זיך אביסעל געזידעלט."

זעהט אליין, ווי פשוט און אין א געוויסען זין באַ'חנ'ט עס ווערט

מאָטיווירט דאמישער אנטיסעמיטיזם. און שטיצענדיג זיך אויף אזוינע מאָטיוון, באהויפטען מענשען די נויטווענדיגקייט פון אויסנאם געזעצען פאר אידען.

מיט דעם, אייגענטליך, האָט מען געקענט ענדיגען וואָס די אַנטיסעמיטען־אינטעליגענטען האָבען צו זאָגען, נאָר אָט האָט איהר נאָך א כאראקטעריסטישע מאָטיווירונג פון דער שנאה צו אידען. דער שרייבער פון דעם בריף איז א דיכטער, הער ר.

„איך טראכט הויפטזעכליך וועגען אייך, פיאָדאָר סאָלאָגוב— שרייבט ער אין זיין בריף — איהר — א פּאָעט, ווי מען האָט זיך אויסגעדריקט אין די צייטען פון פּושקינ׳ען — א „פּריסטער פון קונסט״, איהר זייט דער שעפּער פון די וואונדערבארסטע לע־גענדען... דאָס האָט דאָך איהר געשריבען:

„זיין מיט מענשען — וואָס פאר א לאסט!
גליקליך זייט איהר, וואָס ווילט גאָרנישט,
וואָס װאַרט ניט אויף בעסערע טעג
באַגעגענט גלייך לעבען און טויט
מיט א פארנעבעלט געזיכט.״

„גיט א טראַכט אליין, וויפיל פארקויפטע פעדערס האָבען שוין געסקריפּעט ארום דער אידען־פראגע... און איהר זייט אויך ארייגעפאלען אין זייערע רייהען, איהר נעצט אין די גיפטיגע טינטערס אייער קלאָר־שניי־ווייסע פען... דערמאָנט זיך, וויפיל וואונדערבאַרע מאָמענטען האָט אייער פעטער געקענט אין דער צייט געגעבען דער מענשהייט... לאָמיר זיך שטעלען העכער פון דער מאסע און ניט ריידען אויפ׳ן זשארגאָן פון פּראָווינציעלע לייט־ארטיקלען... איך פון מיין זייט בין גרייט ריטערליך אויפצוהויבען די האנדשו, אזוי ווי איך רעכען זיך פאר אַן עהרהאַפטען אנטיסעמיט.

„עס זיינען פאראן צוויי סאָרטען אנטיסעמיטיזמען, א פאָלקס־אנטיסעמיטיזם און אַן אינטעליגענטער. דער לעצטער איז ברייטער פונ׳ם ערשטען א דאנק דעם, וואָס ער האָט די מעגליכקייט זיך צו באַנוצען מיט היסטאָרישע און וויסענשאַפטליכע ארגו־מענטען. זיין פאָרשטעהער קען גערעכענט ווערען מענשיקאָוו

פון דער „נ אָ װ אָ י ע װ ר ע מ י א," מיט װעמען איך בין פאָלשטענדיג אײנפארשטאַנען.

„שוין די אױסערליכע זײט פון די אידען, דער געבוי פון זײערע קערפּערס, זײער מאַניר פון רײדען, זײער געהײמניספולע רעליגיאָן מיט איהר בלוט־ריטואַל — דאָס אלץ מוז דערװעקען עקעל. סלאַװען און אידען... דאָס איז ניט קײן צװײ פעלקער, װי למשל די סלאַװען און די ליטװינען, װי אפילו די סלאַװען און די דײטשען, דאָס איז ליכט און פינסטערניש, גוטס און שלעכטס. אין קורצען — אײנס איז די פולע פערנײנונג פון דעם צװײטען.

„מען זאָגט אונז, אז אידען זײנען אויך „מענשען", אז אויך זײ דאַרפען געניסען אלע „מענשליכע" רעכט. מעגליך — אָבער מײן נשמה קען ניט פארטראָגען קײן איד, זי האָט איהם פײנט, װי מען האָט פײנט פינסטערניש, שלעכטס, א שמוציגען פלעק אויף א קלאָר־װײסען מאַנטעל... מיר איז אוממעגליך צו זײן מיט אידען און בלײבען גלײכגילטיג.

„אונזער הויפּט באַגײסטערונג — איז דאָס באַפרײאונג פון אונזערע ברידער, אויפשטעלען דעם קרײץ אויף דער קירכע פון דער הײליגער סאָפיע. בײ װעמען פון די סלאַװען װעט דאָס הארץ ניט נעמען קלאַפּען בײם קלאַנג פון די דאָזיגע לאָזונגען? מיר אלע פיהלען, אז עס איז אומבאַדינגט נױטיג צו צוברעכען דײטשלאַנד, און מיר באַגעהרען דאָס מיט׳ן גאַנצען הארצען. װעלכע אידעאַלען האָבען די אידען אין דער איצטיגער מלחמה? זײנען זײ פאַר דער מלחמה? — נײן, זײ זײנען געגען איהר! װאָרים װעלכע נוצען װעט עס זײ ברענגען א מפּלה פון דײטש־לאַנד, װאו עס פיטערען זיך זײערע ברידער אויפ׳ן רעכענונג פון אנדערע, פונקט װי זײ טוען עס אין פראַנקרײך, רוסלאַנד. זײער גרעסטער חלום איז — פרידען. זאָל זײן א שלעכטער פרידען, װאָרים אין א פרידליכער צײט איז גוט צו פארנעמען זיך מיט האַנדעל און אָנפילען די קעשענעס מיט גאָלד, און די מלחמה — דאָס איז א רואינירונג.

„װאָס גיבער די רוסישע קולטור װעט פּטור װערען פון אָט דעם גאַנצען שמוץ, אלץ בעסער װעט עס זײן פאַר אונז.

„מיר װערט טרויעריג צוליב אײך, פיאָדאָר סאָלאָגוב, מיך

נעמט ארום א גרויס רחמנות צו זעהן דעם אונטערגאַנג פון אייער פאַטעטישען טאלאנט. האָב שוין פון פאראויס קיין אכטונג נישט צו אייער בוך וועגען אנטיסעמיטיזם און איך וויל נישט פארלירען קיין שורה וועגען דעם."

דער אנטיסעמיטיזם פון דעם דאָזיגען עסטעט שטאַמט פון דעם זעלבען מקור, וואָס דער אנטיסעמיטיזם פון יענעם ווילנער, וואָס האָט געשריבען וועגען דעם שכור'ען אידען.

איך האָב געענדיגט מיט די מעהר כאראקטעריסטישע מיינונגען פון די אנטיסעמיטען צווישען דער אינטעליגענץ.

דער סטודענט יו. יאַ. כאראקטעריזירט אויפ'ן פאָלגענדען אופן דעם דאָזיגען אנטיסעמיטיזם:

„די אנטיסעמיטען פון צווישען דער אינטעליגענץ פרעדיגען אויפריכטיג און קאָנסעקווענט זייער שנאה צו אידען, אָבער זיי לאָזען זיך פיהרען פון דעם אונמיטעלבארען, בלינדען געפיהל און באמיהען זיך ניט טעאָרעטיש רעכטפערטיגען זייער שנאה צו אידען."

און דער ה' ר. פון כארקאָוו זאָגט דאָס פאָלגענדע וועגען אנטיסעמיטיזם:

„ניט וועלענדיג קיינעם באליידיגען, מוז איך פאָרט זאָגען, אז באגעגענדיג דורך די 57 יאָהר פון מיין לעבען זיכער ניט ווע־ניגער פון א הונדערט איבערצייגטע אנטיסעמיטען, האָב איך ניט געטראָפען צווישען זיי קיין איינציגען ערצויגענעם און קול־טורעלען מענשען."

אויב אייך אינטערעסירט מיין פערזענליכע מיינונג וועגען דעם אנטיסעמיטיזם פון „קולטורעלע מענשען", קען איך אייך זאָ־גען, אז דאָס איינציגע געפיהל, וואָס ער רופט ארויס ביי מיר איז דאָס געפיהל פון אויפרעגונג און שאנדע פאר מיינע שטאָם־פארוואנדטע.

ווען דער שונא איז קלוג, איז עס א גוטער שונא. קעמ־פענדיג מיט איהם קענסטו זיך פיל אויסלערנען. די גראָבע שונאים, וואָס איך האָב דאָ פארגעשטעלט לערנט מיך גארנישט. די פאר־שיידענארטיגע מיינונגען זייערע, וואָס זיינען געבויט אויף קאָפּ־ריזען, זייער קליינליכער סוביעקטיוויזם גיט מיר נישט קיין רעכט,

ניט מיר פשוט ניט קיין טעכנישע מעגליכקייט צו געפינען ביי דער
דאָזיגער גרופּע א מאָטיוו פאר זייער אנטיסעמיטיזם, וואָס זאָל
זיין גילטיג פאר יעדען איינעם פון זיי; איך קען ניט געפינען
קיין אלגעמיינע אורזאכע, וואָס האָט דעם אנטיסעמיזם ארויסגע־
רופען אין די מוחות פון די דאָזיגע עסטעטען, קולטור־טרעגער,
ליבע דאמען א. אז. וו.

איך גלויב ניט אין ראסען־אידיאָסינקראזיע; אָרגאַניש קען
איך ניט גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון אזא פארדאָרבענעם
געפיהל. אנטיפּאטיע צו א געוויסען פּערזאָן, אן אנטיפּאטיע
וואָס גרענעצט זיך אפילו מיט עקעל, — איז פארשטענדליך, אָבער
עס איז אונמעגליך צו פיהלען אן אנטיפּאטיע צו א פאָלק, באַ־
זונדערס צו דעם פאָלק, וואָס האָט דער וועלט געגעבען אייביגע
און אונשעצבארע מתנות. איינס ווייס איך — עס איז ניטאָ קיין
געזעץ, וואָס קען רעכטפערטיגען געוואלט־טאַטען געגען א מענ־
שען, — *דאָס איז דאָס איינציגע געזעץ*,
וואָס דארף ווערען דאָס געזעץ פון דער גאנצער וועלט.

מיר דאכט זיך, אז דער אנטיסעמיטיזם, וואָס איך האָב דאָ
אילוסטרירט איז ניט קיין זעהר ערנסטע ערשיינונג, וואָס איז
פעסט און אויף שטענדיג צוזאמענגעוואקסען געווארען מיט די
נשמות פון די דאָזיגע מענשען. נישט בלויז דערפאר, וואָס די
נשמה פון דעם רוסישען מענשען איז אין אלגעמיין ניט שטאנד־
האפטיג, איז ווייך און קיין זאך קלעפּט זיך צו איהר ניט צו אויף
לאנג, נאר דערפאר, וואָס די דאָזיגע גרופּע מענשען, לויט ווי
מען קען זיי אורטיילען פון זייערע אייגענע בריף, זעהט ניט אויס
אז זי זאָל זיך האָבען ערנסט פארטראכט וועגען דער לאגע פון די
אידען אין רוסלאנד.. פאר זיי איז געווען אונערווארטעט אונזער
אנקעטע און זיי האָבען זיך גענומען ענטפערען אויף די פראגען
מיט'ן ערשטען בעסטען ענטפער, וואָס ער איז זיי איינגעפאלען
אין קאָפּ אריין און נישט אָפּגעגעבען זיך קיין רעכענונג וועגען
דער וויכטיגקייט פון דער זאך.

דערצו ווייסען מיר דאָך אליין, מיט וואָסער לייכט הארץ
מיר רעדען שלעכטס וועגען מענשען. מיט וויפיל פארגעניגען מיר
געפינען פעהלערען ביי אונזערע נאָהענטסטע און ווי זעלטען און

אומגערען מיר רעדען גוטס וועגען מענשען. מיר האָבען דאָך אין אלגעמיין קיין אכטונג ניט פאר מענשען — דער בעסטער סימן פון אונאַכטונג צו זיך אליין.

איך קען זעהר גוט די מענשען פון אונזערע מיטעלע קלאַסען, און מיר דאכט זיך, אז זייער אנטיסעמיטיזם שטאַמט פון דער גע וואוינהייט צו באַציהען זיך מיט פאַרדאַכט און שנאה צו יעדען מענשען. עס איז אויך מעגליך, אז דער מקור פון זייער אנטיסעמיטיזם ליגט אין דער לאַנגווייליגקייט פון זייער לעבען און, ענדליך, איז פאַראַן אַן אנטיסעמיטיזם פון מענשען, וואָס עס איז זיי ניט געלונגען אין לעבען, אַן אנטיסעמיטיזם פון ניט־פאַרגינערס, פון עהרגייציגע, וואָס זיינען אָדער ווייניג באַגאַבט פון דער נאַטור, אָדער האָבען קיין ווילען ניט, זיינען פאַסיוו, אָדער פון אַזוינע עהרגייציגע, וואָס דאָס דאָזיגע געפיהל האָט זיי אריינגעטריבען אין תהום פון כעס און שנאה צו דעם גאַנצען לעבען.

איך גלויב, ניין, איך בין זיכער, אז מען זאָל פאַר די דאָזיגע מענשען פאַרלעגען אַן אַנקעטע וועגען דער מאָראַלער באַדייטונג פון טאָלסטאָי'ס פערזענליכקייט, וועלען זיי וועגען טאָלסטאָי'ען זאָגען דאָס שלעכטסטע און לומפּיגסטע, וואָס אַ מענש קען נאָר זאָגען וועגען אַ צווייטען.

* * *

דער אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיטיזם צווישען דעם פּשוט'ען פאָלק האָט געפונען אויסדרוק אין גאַנצען אין 29 בריף געגען 87 פון דער אינטעליגענץ. איך מוז באַמערקען, אז אָפטמאָל שרייבען די „פּשוט'ע מענשען" זעהר קאָרעקט.

צום ביישפּיעל, „אַ גרופּע פּעטראָגראַדער פּויערים" שרייבט:

„דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך ביי אונז אין רוסלאַנד ענטוויקעלט אויפ'ן רעליגיעזען, און הויפּטזעכליך, אויפ'ן עקאָנאָמישען באָדען..." „זייער שטרעבונג צו באַהערשען דעם קאַפּיטאַל פון דער גאַנצער וועלט, אלס איינעם פון די וויכטיגסטע פאַקטאָרען פון לעבען, האָט ארויסגערופען אין פאָלק אַן אונפריינדליכען גע־

פיהל צו זיי..." „אין פראקטישען לעבען פון רוסלאנד האבען אידען געשפילט און שפילען נאך איצט א גרויסע ראלע..." „כדי צו פארדינען, לייהען זיי געלט צו די אויסברענגערישסטע רעגירונגען..." „מען דארף באזייטיגען די אידען פון רוסלאנד און, אויב עס איז מעגליך, דארף מען מסרם זיין אלע מענער פון אידישער אפשטאמונג, דאס וואלט איין מאל פאר אלע מאל גע־לעזט די אידען־פראגע."

די דאזיגע פעטראגראדער פויערים זעהען מיר אויס צו זיין נאר נאהענטע פריינד פון די לייט, וואס זייהען אלערליי געפעהר־ליכע דומהייטען אויף די שפאלטען פון דער „זעמשטשינא" און עהנליכע ארגאנען.

אבער קיין שום צווייפעל איז ניטא, אז דער ה' נ. באלאנגט צום פשוט'ען פאלק, דאס זאגט עדות דער גראד פון זיין בילדונג. ער שרייבט:

„לויט מיין פשוט'ען רוסישען שטאנדפונקט דארף מען אלע אידען פון רוסלאנד פארטיליגען. דאס איז דאס איינציגע, וואס בלייבט מיט זיי צו טאן."

פיעלע שרייבען אין דעם דאזיגען גייסט, נאר אזוי ווי פיעל בריף זיינען אנאנים, אנדערע — אונטערגעשריבען מיט פסעוו־דאנימען, איניציאלען. איז שווער צו וויסען צו וועלכער סאציאלער גרופע די קארעספאנדענטען באלאנגען.

דער פארלאנג פטור צו ווערען פון די אידען אויף א ראדי־קאלען אופן ווערט אויסגעדריקט פון נאך זעקס מענשען. פינף, אורטיילענדיג לויט זייערע בריף, זיינען אונגעבילדעטע מענשען, דער זעקסטער בריף איז פון א דאמע; זי ראט צו הענגען טעגליך א מיליאן רוסישע בירגער פון אידישען גלויבען און אזוי ארום, גלויבט זי, וועט רוסלאנד פון זיי פטור ווערען אין וואסערע 10־15 טעג.

דריי מאל ווערט אנגעוויזען אויף ציון, אלס א מיטעל פטור צו ווערען פון די אידען.

זיבען מאל ווערט רעקאמענדירט צו פארניכטען די אידישע רעליגיאן.

דער איינפלוס פון דעם ארמיי־אַנטיסעמיטיזם איז צו באַ־מערקען אין ניין בריף.

דער סטודענט מ. שרייבט איראָניש:

„פרעגט וועגען אידען ביי די דאָזיגע מענשען, וועלכע זיינען אין דער איצטיגער מלחמה געקומען מיט זיי אין נאָהענטער באַ־ליהרונג, ד. ה. ביי די סאָלדאַטען. די לעצטע וועלען אייך דער־צעהלען, ווי אזוי די אידען האָבען „מיט זייער ברוסט און אָהן איינגענגוציגקייט פּארטיידיגט רוסלאנד צוזאמען מיט אנדערע...״

אָבער אזוי ווי ענטפּערענדיג איהם, שרייבט דער סאָלדאַט דמיטרי גאָרשקאָוו:

„דער פּויער האָט גוט געוואוסט און ווייסט עס איצט, אז מען האָט איהם אָוועקגעגעבען אויף רויב. ער ווייסט, אז דאָס טומעלט איהר זיך בלויז וועגען די דייטשע געוואלט־טאַטען. דער פּויער ווייסט דאָס אַלץ. ער ארבייט איצט אויפ׳ן שלאַכט־פעלד און הערט זיך צו, וואָס עס קומט פאר ארום איהם. עס פרעהט איהם זעהר, ווען מען ווייזט צו איהם ארויס די מינדסטע אויפ־מערקזאמקייט, ווען מען דערמאָנט כאָטש א וואָרט וועגען זיין נויט און זיינע האָפנונגען. אָבער עס טוט איהם וועה צו זעהן און הערען, ווי ביי די זאטע טישען הויבט מען אויף אונענדליכע דיספּוטען וועגען „איהם דעם גרויען״, וואָס איז איצט א „העלד״, און מען צוטיילט די ירושה פון א מענשען, וואָס לעבט און הערט. אויף אַלע אייערע אנקעטען האָט דאָס פּויער׳ל איין ענטפער: ביי גאָט זיינען אַלע גלייך. דאָס שעפּט, דוכט מיר, אוים אַלע פּראַגען וועגען נאַציאָנאַליטעטען. ביי אונז זיינען אַלע פעלקערשאפטען — רעכטלאָז, אַלע קוקען מיט האָפנונג אויף רוסלאנד, היינט צו וואָס אזוי פאָרציהען די אידען?״

„אַלע זיינען איצט פארנומען מיט געדאנקען וועגען דער צוקונפט, יעדען ווילט זיך אזוי אביסעל רוהיגע ארבייט, רוים אין דער ברייטער רוסלאנד; נאָך מיין מיינונג איז א טעות צו פאר־נעמען זיך איצט מיט אזוינע אנקעטען.״

„דער פּויער מיהט זיך דאָ, אָפּפערט מיט זיין לעבען, אָבער אין א פרייער מינוט הערט ער זיך איין צו שטימען, וואָס דערטראָגען זיך צו איהם פונ׳ם הארץ פון רוסלאנד. און אייער פליכט איז

אונטערצוהאַלטען זיין גייסט און כח, אנטקעגענקומען זיינע פאַר־לאַנגען. מיט האָפנונג אויף זיין צוקונפט, מיט גלויבען אין אייער פּרוכטבאַרער אַרבייט אויפ׳ן פעלד פון באַפרייען דעם גייסט, רעכט און ווילען, נעמט זיך איצט דער פויער׳ל אליין באַווייזען זיין נשמה פאַר דער וועלט און זאָגען: „ביי גאָט זיינען אַלע גלייך״. איצט דאַרף מען זיך ניט צוואוואַרפען אויף אַלע זייטען. אמת, ביי אונז זיינען אַזויפיעל רעפאָרמען נויטיג, אַזוי ווייט איז דאָס פויער׳ל אוועקגעגאַנגען פון די פּאַרעלטערטע געזעצען, אַז עס איז אַ וואונדער ווי אַזוי מיר ווערען ניט דערשטיקט, ווי אַזוי מיר ווערען ניט פאַרטעמפּט. אַבער איך זעה, אַז זיין נשמה קען מען ניט איינהאַלטען. ווי באַטי האָט זי ניט געקענט פאַרטויבען מיט׳ן קנוט, ווי דאָס לאַנגע שענדליכע לייב־אייגענטום האָט זי ניט געקענט דערשטיקען.״

„אַזוי זאָגען דאָ פיעלע ביי אונז, אַזוי זאָג איך אויך, לויט דער ערפאַהרונג, וואָס איך האָב דאָ געקראָגען.״

נאָך זיבען וואָכען, אַז איצט איז ניט די צייט פאַר דער אַנקעטע. דער מעהר אינטערעסאַנטסטער בריף פון די אַלע זיבען, איז פון דעם באַריהמטען דר. קאָלאָמיהצעוו, ער שרייבט:

„אין „טאַווריטשאַניו״, וואָס איך גיב אַרויס שוין צעהן יאָהר אין סימפּעראָפּאָל, האָב איך שטענדיג פאַרטיידיגט די אַלגעמיין מענשליכע רעכט פון די אידען...״

„איך האָב אַנערקענט און איך אַנערקען דאָס מענשליכע אין די אידען. אָבער דאָס איז ניט קיין באַווייז, אַז די אַנקעטע פון אונזערע דריי טשודאַקעס — אַנדרעיעוו, גאָרקי און סאָלאָגוב — איז צייטמעסיג. דאָס האָט געקענט יעדען אויפרעגען. ווי שעמען זיך ניט די דאָזיגע דריי ליטעראַרישע קאָמעדיאַנטען אין אַזאַ צייט אָנצוהויבען אַן אַנקעטע. אפשר גאָר מיינען זיי באמת, אַז זייערע נעמען זאָגען בכלל עפּעס. יאָ, אויף אַזאַ חוצפּה, ווי זייער אַנ־קעטע, וואָלט זיך אין אַזאַ צייט ניט דערוועגט אפילו אַזאַ גיגאַנט ווי טאָלסטאָי און אַ באַדייטענדער שריפטשטעלער, ווי טשעכאָוו.״

מיט איהם איז איינפאַרשטאַנען דער „פּראָגרעסיווער זשור־נאַליסט״ פון קאַסטראָמאַ:

„איצט, ווען מען דאַרף מיט אַלע כוחות וועקען דאָס רוסישע

נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין, איז ניט די צייט צו פאַרנעמען זיך מיט דער אידען־פראגע. מיט דער דאָזיגער טויזענט־יעהריגער פאַרשאָלטענער פראגע קען מען ווארטען ביז נאָך דער מלחמה. און איך זאָג אייך, געהט אוועק דערפון, הרג'עט ניט אוועק אייערע נעמען, וואָס זיינען אזוי נאָהענט דעם רוסישען פאָלק. ריידענדיג קורץ — ווארפט אוועק די דאָזיגע שמוציגע ארבייט. בעסער העלפט סטרוּואווע'ן..."

ה' א. ק. פון ריגע האלט זיך אויך ביי דער זעלבער מיינונג:

„די רעגירונג איז שטענדיג באַזאָרגט וועגען די רעכט פון איהרע אונטערטאַנען, אָבער איהר, שרייבער, דארפט זיך ניט אריינצומישען מיט אייערע אָנזיכטען אין דער טעטיגקייט פון דער רעגירונג און וועלען וויסען די מיינונג פון עולם. רעדט בעסער מיט אונזערע גענעראלען."

„נעמען אויף זיך צו פארטיידיגען זייער רעכט אין אזא אומ־רוהיגער צייט, הייסט צו זיין שטאַאטס־פאַרברעכער. דאָס קענען טאָן בלויז אַן אנדרעיעוו, סאָלאָגוב און גאָרקי."

אָבער שארפער פון אלעמען דריקט זיך אויס דער לעה־רער ג. שטש.:

„ביים באַלעבאָס אין הויז איז א פייער און איהר קומט צו איהם איינמאָנען אלטע חובות. דאָס איז עקעלהאפט, ניט אַם פּלאַץ. די אידען זיינען זעהר וואוילע, זיי וועלען דאָס זייעריגע נעמען, אָבער — ווארט. אויב זיי ווילען די ווידערהאָלונג פון 1905 יאָהר, זאָלען זיי קריכען, — אָבער מיר, די פאָלקס־לעהרער, וועלען אויפהויבען דאָס פאָלק און באפרייען זיך פון דער דייטשער, און אין דער זעלבער צייט אויך פון דער אידישער קראנקהייט."

„מיט אייער אַנקעטע האָט איהר ארויסגערופען א געפיהל פון עקעל. עס טוט וועה דאָס הארץ פאר אייך, פאר אייך, דריי־שריפטשטעלער..."

ער האָט זיך אונטערגעשריבען „דער לעהרער, וואָס האָט אייך פיינט און פאראכטעט אייך".

פינף מאָל ערקלערען די קאָרעספאָנדענטען זייער שנאה צו אידען, ווייל די אידען, לויט זייער מיינונג, זיינען געווען די שעפ־פער פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

דער דאָזיגער געדאנק, פארשטעהט זיך, איז צו זיי געקומען פון די צייטונגען, פון דרויסען. אָבער אין איין בריף ווערט דער דאָזיגער געדאנק אויסגעדריקט אויף א זעהר אינטערעסאַנטען אופן און, מעגליך, גאנץ אויפריכטיג. דאָס איז א בריף פון 26 כאר־קאָווער ארבייטער. איך ברענג איהם אין גאנצען:

„מיר ווייסען גארנישט וועגען דער טראגישער לאגע פון די אידען אין רוסלאנד.”

„אונז, רוסישע ארבייטער, איז אָבער זעהר גוט באוואוסט, אז די אידען האָבען און נעמען נאָך איצט א גרויסע ראָלע אין דער פאנאנדערפאלונג פון דער רוסישער געזעלשאפט, פון דעם רוסי־שען פלאָט, ארמיי און דער רוסישער שטודירענדער יוגענד; פיל האָבען זיי זיך געמיהט, כדי צוצוגרייטען, ארויסרופען און באַ־שאפען „די יאפאנישע שאנד”, דעם „ניינטען יאנואר”, „צוסי־מא”, „פאָטיאָמקין'ס אוואנטורען” אונטער דער פיהרערשאפט פון דעם „בראָוען” שמיד און מיט דער הילף און גוטען ווילען פון דעם געוועזענעם פרעזידענט פון דער שווארצע־ריים רעפובליק, דעם קריסטאָל ריינעם פערגאמענט און קאָמפאניע.”

„אייער עמפינדליכער געוויסען פיהלט זיך שלעכט פון „דעם וואוקס פון דער שנאה צו אידען” און אונזער, — וואָס מיר אליין, א דאנק אייער און דער אידישער פראפאגאנדע, האָבען פיל שלעכטס געטאָן זיך אליין, דעם גאנצען רוסישען פאָלק און מלוכה. יאָ, אלס עהרליכע מענשען באשטעטיגען מיר, אז די אידען, איהר און מיר, אייערע שילער, פארעהרער, נאָכפאָלגער האָבען צוגע־גרייט, ארויסגערופען די זינלאָזע ברידער־שחיטה — די רעוואָלו־ציע פון 6—1905. א רעוואָלוציע, וואָס האָט אפגעקאָסט הונ־דערטער טויזענדער מענשליכע לעבענס און הונדערטער מיליאָנען פאָלקס־געלדער, וואָס זיינען אין גאנצען אריינגעפאלען אין די קעשענעס פון דעם אונטערדריקטען פאָלק. איבריגענס, די מי־ליאָנען, וואָס מאַראָזאָוו האָט געשאָנקען אויף דער רעוואָלוציע, זיינען, לויט די רייד פון די אידען, אריינגעפאלען דעם דיכטער פון „שטורעם און פרייהייט”.

„איצט איז ביי אונז אינגאנצען ניטאָ קיין גייסטיג לעבען. אלץ, וואָס איז געוועזן גרויס, הייליג און טייער פאר אונז, איז

פארניכטעט, פאראונרייניגט, געשענדעט געווארען פון די אידען. מיר האבען ניט מעהר מיט וואס צו לעבען. זיי האבען ביי אונז צוגענומען דעם גלויבען אין גאט, אין צאר, אין דעם רוסישען פאלק און אין די בעסטע שטאאטס־מענער... מיר ווינשען אייך, אז אייער שרייבעריש געוויסען זאל זיך קיינמאל ניט פיהלען אומרוהיג פון דער גרויזאמקייט, שנאה און אלערליי אומגערעכטיגקייטען, וואס איהר האט ארויסגעוויזען דעם רוסישען פאלק..."

„מיר אלע, 26 ארבייטער אין צאהל, געוועזענע „עקסטרים לינקע", אייערע שילער און נאכפאלגער, הענגען איצט אין דער לופטען און ווייסען ניט אין וואס צו גלויבען, וואס ליב צו האבען יואס צו טאן און וואו איינבויגען די קעפ זייערע..."

דער בריף איז ניט אונטערגעשריבען. אורטיילענדיג אבער נאכ'ן סטיל, דאכט זיך מיר, אז דער פארפאסער פון דעם בריף איז ניט קיין ארבייטער, נאר א תשובה־טוענדיגער אינטעליגענט, אבער דאך צווייפעל איך ניט, אז א רוסישער מענש קען אזוי טראכטען און פיהלען, ווי עס איז אויסגעדריקט אין אט דעם בריף. איז דאך ניט ווייט די צייט, ווען די דאזיגע געדאנקען און געפיהלען זיינען פראפאגאנדירט געווארען פון דער תשובה־טוענדער אינטעליגענץ; די דאזיגע געפיהלען האבען זיכער אויך געקענט אנשטעקען דאס "פשוט'ע" פאלק. אבער דאך, דאכט זיך מיר, אז די דאזיגע זעקס און צוואנציג מענשען האבען שוין צו ברייט געעפענט די טויערען פון זייער תשובה און זיי האבען שוין צופיל היסטעריש חרטה. מעגליך, מען קען זאגען, אז מיינע פארגעפיהלען זיינען דא ניט אם פלאץ, אבער איך בין ניט דערמיט איינפארשטאנען; איך בין א פרייער מענש און איך האב דאס אפּסאלוטע רעכט צו ריידען וועגען אלץ אזוי, ווי איך טראכט.

מען קען אנווייזען, אז אין דער „געזעלשאפט צו שטודירען דאס אידישע לעבען", ווערט צופיל גערעדט וועגען דער רוסישער פסיכאלאגיע.

אבער ווען עס וואלט ניט געווען די דאזיגע פינסטערע פסיכאלאגיע, — וואלט מען דאך אין גאנצען ניט געדארפט באשאפען די דאזיגע געזעלשאפט. צווישען אונזערע אויפגאבען, איז פאראן די אויפגאבע קלאר צו מאכען די דאזיגע פסיכישע אטמא־

ספערע, אין וועלכער עס שטיקען זיך די אידען און וועלכע מאכט אונז, סלאווען, פאר פארזעהענישען.

און ענדליך, יעדע רעאלע פאליטיק דארף ניט בלויז האבען פאר זיך אן אידעאלען ציל, נאר דארף אויך שטענדיג געדענקען וועגען דעם דאזיגען ציל.

און ווען מיר פארגעסען דעם העכערען ציל פון אונזער אויפגאבע — ווערען מיר באלד פארזונקען אין דעם שמוץ פון די פארהעלטנישען, וואס מיר האבען באשאפען, און פארשווענדען אהן א זין אונזערע ארעמע קרעפטען.

סוף כל סוף, — וועגען וואס א מענש זאל ניט רעדען, רעדט ער שטענדיג וועגען א מענשען, צוליב א מענשען און פאר א מענשען. און דער צוקונפטס־מענש איז א פיל שעהנערער און וויכטיגערער פון דעם אידען, דעם אנגלא־סאקס, דעם סלאוו, א. ז. וו. און מיר דארפען געדענקען, אז מיר קענען זיך דערהויבען ביז צו דעם מענשען נאר דאן, ווען מיר געהען דורך די אלע שטערונגען צו דער אלמענשליכער, אלוועלטליכער קולטור.

* * *

איך גלויב, אז עס זיינען אינטערעסאנט די מיינונגען פון די מענשען, וואס זעהען דעם אנהויב פון אנטיסעמיטיזם אין דער פלאכקייט פון רעליגיעזע אנזיכטען.

לויט דער מיינונג פון דעם ריגער ליטעראט וסעוואלאד טשעשיכין, ליגט דער עיקור פון דעם רוסישען און אלגעמיינעם אנטיסעמיטיזם אין דעם געמיינזאמען ראסען, רעליגיעזען, נאציאנאל־אידעאלאגישען אנטאגאניזם פון די אריער און סעמיטען.

„א געוויסער טייל פון אריער און סעמיטען קענען זיך ארגאניש ניט פארטראגען; ווי עס איז באוויזען לויט די נאטירליכע געזעצען פון ראסען אנטאגאניזם, וועלכע קענען ניט אפגעלייקענט ווערען, אז געוויסע יאפאנעזער איבעלט דער ריח פון אן אייראפעער, און אן אריער — פונ'ם ריח פון א סעמיט. מען דארף איזאלירען די דאזיגע צוויי עלעמענטען, וואס קענען זיך איינער דאס צווייטע ניט פארטראגען. כדי דאס דורכצופיהרען דארף מען באשאפען א באזונדערע אידישע מלוכה ציון; דאס דארף געטאן ווערען דורך א קאנפערענץ פון אלע מלוכות, ווייל די אידישע

פראגען איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראגע. קיין ארץ ישראל דאַר־פען ארויסגעשיקט ווערען די אידען, וואָס זיינען אַם מעהרסטען אונטערטרעגליך פאר די אריער־אַנטיסעמיטען. אזוי ארום וועלען אין אייראָפּא בלייבען בלויז די סעמיטען, וואָס זיינען מעהר גענייגט זיך צו אַסימילירען און מיט די לעצטע וועלען זיך די אריער גאַנץ גיך איינלעבען. דאמאָלט וועט אין רוסלאַנד אָפּגעשאפט ווערען די „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי", און אידען וועלען ווערען גלייכבאַ־רעכטיגט. עס עקזיסטירט פּונקט אַזאַ שטאַרקער רעליגיעזער אַנ־טאַגאָניזם צווישען די אריער און די סעמיטען, ווי אַ ראַסען־אַנ־טאַגאָניזם. ער ווערט געשטיצט ביי די קריסטען דורכ'ן שטאַאַט, און ביי די אידען דורכ'ן קהל. דער איינציגער וועג ווי צו באַ־פרייען זיך פון דעם רעליגיעזען אַנטאַגאָניזם, איז די פאַנאַנדער־טיילונג פון קירכע און שטאַאַט. אין אַלע לענדער דאַרף דאָס דורכ־געפיהרט ווערען, אויך אין דער קומענדער אידישער מלוכה. דאָס דאַרף אָנהאַלטען ביז וואַנען אַלע רעליגיעס וועלען זיך צוזאַמענגיסען אין איינער און אונזער מלוכה וועט ווערען אַ קירכע פון בירגער אָהן בייזען ווילען, וואָס נויטיגען זיך ניט אין צוואַנג אויפצוהאַלטען די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג.

„סיי די אריער, סיי די סעמיטען פארגעסען אין זייער פיינד־שאַפט, אַז זיי באַלאַנגען צו דעם איין ווייסען קאַווקאַזער שטאַם, אַז עס עקזיסטירט נאָך אַ שווארצע, אַ געלע ראַסע און זיי פאר־געסען אַן דער מענשהייט, אַלס גאַנצעס. וועגען דעם דאַרפען זיי דערמאָנען שריפטשטעלער אַ לאַ הערדער און וולאַדימיר סאָלאָ־וויאָוו, פּאָעטען־זינגער פון אַלוועלטליכע פאראייניגטע שטאַאַטען, אַלאַ שילער און וויקטאָר הוגאָ און די באַשאַפער פון אַ באַוועגונג פאר איין אַלוועלטליכער שפּראַך, א. ז. וו., א. ז. וו.

אונטערגעשריבען וועסוואָלאָד טשעשיכין, רעדאַקטאָר־ארויס־געבער פון אַ ריגער זשורנאַל „וועסטמירני סאָיוז" און „אוניאָן אונ־ניווערסאַל" אין 1904־7, דער פאַרפאַסער פון ווערק פון אַן אַל־וועלטליכער שפּראַך.

וועגען דעם אומגליק, וואָס קומט ארויס פון רעליגיעזע פאר־אורטיילען, רעדט אויך דער ה' ק., פון סאַמאַרא. לויט זיין מיי־נונג:

„אין די קריסטליכע לענדער, באזונדערס אין די לענדער, וואס האלטען זיך אן פראוואסלאוונעם גלויבען, ווערט דער אנטיסעמי־טיזם געבארען אין דער נשמה פון יעדען קינד נאך אין דעם מא־מענט, ווען דער גלח ערקלערט זיי די געשיכטע פון כריסטום'עס שווערע ליידען און טויט — דער סימוואל פון די העכסטע און שעהנסטע אידעען פון ליבע, פון די בעסטע און באקוועמסטע פאר־מען פון מענשליכען צוזאמענלעבען. און די אידישע רעליגיאן, ווי א פראדוקט פון די בארבארישע צייטען און א דאנק איהר אפגעשטאנענקייט, איז פאראורטיילט אונטערצוגעהן. איז דאך די רעליגיאן דער קוואל פון וואנען עס שעפט דער מענש שפייז פאר דער פארמירונג פון זיין נשמה, לעגט זי דאך ארויף א שטעמ־פעל אויף דער פיזישער סטרוקטור פונ'ם מענשען, אויף זיין גע־דאנקען גאנג, געפיהלען. דערפאר, מיינע העררען, איז די אור־זאכע פון אנטיסעמיטיזם — די אידישע רעליגיאן, זי איז דער פונדאמענט אויף וועלכען עס וואקסט אויף מיט דער צייט יעדע עקאנאמישע, פאליטישע און אלע אנדערע שנאות צו אידען..."

דאס זעלבע מיינט דער פויער ש., פון וויאטקא:

„די אייגענע און פרעמדע ענטוויקלונג האבען די אידען אליין געשטיקט. א באוויז איז זייער רעליגיע, וואס איז איבערגענו־מען פון די אראבער און וואס איז די גאנצע שטערונג צו דער ענטוויקלונג פון דער מענשליכער קולטור".

„ווען מיר וועלען נעהמען אין אנבאטראכט די ערשטע מענ־שען, זעהען מיר, אז ביי זיי האט ניט געקענט זיין קיין שנאה אויפ'ן נאציאנאלען באדען; די ערשטע מענשען האבען ניט געוואוסט פון קיין נאציאנאליטעט, זי האט זיך ערשט באוויזען ווען די רעליגיאן איז פעסטגעשטעלט געווארען דורך די אידישע נביאים. ראסען־שנאה שטאמט פון קלימאטישע באדינגונגען, פון נאטור־באדינגונגען, ווי עס איז יעדען באוואוסט און דערפאר דארף זי ניט עקזיסטירען. ווען א נעגער קלייבט זיך אריבער פון דורם קיין צפון, וועט ער אין צייט פון צעהן יאהר ווערען א שאטען, און אין הונדערט יאהר ארום — בלאנד, באזונדערס ווען ער זאל חתונה האבען מיט א ברונעטער מיידעל אהן געלט, ד. ה. מיט אן ארי־מער".

„אדם און חוה האָבען פון קיין רעליגאָן ניט געוואוסט, און פון קיי שום סינאַגאָגען, קירכען און אנדערע געבעט־הייזער, זיי האָבען געלעבט אָהן טעמפּלען און בעסער באַארבייט זייער ערד און לענגער געלעבט. צו וואָס זיך באַריהמען מיט דער אייגענער רעליגיע, ווען דו ווייסט, אז זי פאַרפיהרט דיין אייגענע ראָסע? אויסערדעם, ווי אזוי קען קומען משיח, ווען עס איז דאָ אזא מאַסע אנדערע רעליגיאָנען? אבסאָלוט אוממעגליך. משיח קען ניט קומען. די בעסטע שטרעבונג פאַר אידען וואָלט געדאַרפט זיי צו פאַרניכטען זייער רעליגיאָן."

לויט דעם גאַנג פון זייערע געדאַנקען, האָט מען געקענט מיי־נען, אז יעדער פויער וועט זיך אַרויסזאָגען געגען יעדער רעליגיאָן און יעדען נאַציאָנאַליזם. אָבער דערצו איז נאָך דער פויער ניט דערגאַנגען. לאָמיר האָפען, אז מיט דער צייט וועט ער קומען דער־צו און נעהמען טראַכטען ווי דער אַרבייטער ק. פון בריאַנסק. ער שרייבט:

„לויט מיין מיינונג ליגען די וואָרצלען פון נאַציאָנאַליזם און פון אַלע אנטי־נאַציאָנאַליזמען און אויך פון אנטיסעמיטיזם אין די ווידערשפּרעכליכע רעליגיעז־קירכליכע פאָראורטיילען. סיי דער איד, סיי דער מאַכאַמעדאַנער, סיי דער בודיסט קענען געפינען פילעס וואָס צו זאָגען געגען דעם עוואַנגעליזם, אָבער וואָס קענען זיי זאָ־גען געגען שעקספּיר'ן און פּאַסטער'ן? דאָ איז ניטאָ וואָס צו זאָ־גען. דער אמת איז, עס צוטיילט די מענשען די רעליגיאָן, דער נאַציאָנאַליזם, די פּאָליטיק און עס פאַראייניגט זיי, עס קען זיי פאַראייניגען בלויז די קונסט, דער עיקר — די ליטעראַטור און די וויסענשאַפט".

דער סטודענט א. יאַן גלויבט אויך, אז די וואָרצלען פון אנ־טיסעמיטיזם געפינען זיך אין די רעליגיעזע אנשויאונגען פון יו־דענטום און קריסטענטום.

לויט זיין מיינונג: „דאָס יודענטום איז איינע פון די אָפּטי־מיסטישע לעהרען. עס לערנט אַן אַקטיווע אמת'ע באַציהונג צו מענשען אין דער צייט, וואָס דאָס קריסטענטום, לויט דעם עצם פון זיין לעהרע, פאַרלירט אפילו דאָס רעכט צו שטרעבען צו דער פאַרווירקליכונג פון זיינע צילען. געפינענדיג אין לעבען פילע נר־

טע זייטען, האלט דער איד, אז עס איז נידעריג אריינצופאלען אין מעלאנכאליע, באזונדערס אין פארצווייפלונג".

„אזוי ווי דער ווילען פון קאמף און לעבען, וואס ליגט אין יסוד פון דער אידישער פילאזאפיע, איז א נאטירליכע פראקלאמי־רונג פון ווילען, דעריבער איז א מענש מיט א שטארקען כאראק־טער, אויסדויער און קלוגשאפט — דער אידעאל פון א פאר־אידישטען מענשען".

דערפון, דאכט זיך, האט מען געדארפט דרינגען, אז די אידי־שע רעליגיאן האט אן אונצווייפעלהאפטען פארצוג געגען דער קריסטליכער רעליגיאן; אז די אידישע רעליגיאן איז אקטיוו, פול מיט לעבען, אז זי באפרייט דעם מענשען פון אונצוטרויען און שרעק פאר'ן ערדישען לעבען.

אבער דער סטודענט יאן דרינגט פון דעם פונקט פארקעהרט. ער שרייבט:

„די ווירקונג פון דער אידישער פילאזאפיע קען זיין בלויז א נעגאטיווע און א גאנץ געפעהרליכע פאר'ן קולטורעלען פראג־רעס פון דער מענשהייט, באזונדערס אין אונזער שווערער צייט, ווען די אונגעהויערע ענטוויקלונג פון די פראקטישע וויסענשאפטען און די גלענצענדע רעזולטאטען, וואס זיי האבען ערזייכט, קויפען אונטער מענשען צו גונסטען פון דער מאטעריאליסטישער אנ־שויאונג".

איך האב זיך אפגעשטעלט אויף דער פילאזאפיע פון דעם סטודענט דערפאר, ווייל ער, ווי עס ווייזט זיך מיר אויס, האט גאנץ טרעפענד אנגעוויזען אויף דער הויפט־געגענזאץ, וואס ליגט אין דער נאטור פון א אידען, וואס האט ניט מורא אריינצוטרעטען אין קאמף מיט גאט און פלאטאן קאראטאיעוו, וועלכער קען ניט און האט נאך מורא זיך געגענשטעלען דעם שלעכטען. אין דעם, וואס איך וויל אייך ברענגען שפעטער, וועט איהר זעהן, ווי אפט אנטיסעמיטישע אידעען און געפיהלען וועלען זיך שטיצען אויף מאטיווען, וואס זיינען אידענטיש און פארוואנדט צו די מאטיווען פון דעם סטודענט יאן.

* * *

פאר אונז ליגען 63 בריף, אין וועלכע די אורזאכע פון אנטי־

סעמיטיזם ווערט אויסגעדריקט קלאָר און איינארטיג. די דאָזיגע אורזאכע פון אנטיסעמיטיזם איז די מורא פון דעם רוסישען מענשען פאר דער מעגליכער אידישער עקספּלואטאציע. איך גלויב קוים, אז מען דארף באמערקען, אז די אורזאכע פון דעם דאָזיגען שרעק איז, צווישען אנדערע, די גרויסע אונוויסענהייט און שטויגענדע אומבאקאנטשאפט פון די קאָרעספּאָנדענטען מיט דער לאגע פון דעם אידישען פאָלק אין רוסלאנד.

איך ברענג אייך דאָ די בריף, כדי איהר זאָלט האָבען א באַגריף, ווי קינדיש עס זיינען אָפט די מיינונגען פון רוסישע מענשען וועגען דער אידען־פראגע.

א לעהרערין פון א וויטעבסקער פאָלקס־שולע שרייבט:

„איך האָלט עס פאר מיין חוב אייך מיטצוטיילען וואָסער איינדרוק דאָס לעזען פון אייער ארטיקעל האָט געמאכט אויף די פויערים. מען האָט ניט געקענט קוקען אָהן א געפיהל פון מיטלייד אויף די דאָזיגע צוקנייטשטע און גראָבע פּנים'ער, אויף וועלכע עס איז געוועזן קלאָר אויסגעדריקט צווייפעל און שרעק. נאָך איידער מען האָט געענדיגט לעזען אייער ארטיקעל, האָבען זיך שוין פון אַלע ווינקלען געטראָגען אומרוהיגע פראגען: ניט שוין־זשע שרייבט דאָס אונזער רעגירונג? ניט שוין־זשע וועט אונזער צאַר־באטיושקא אונז איבערגעבען אין די הענט פון זשידעם? ניט שוין־זשע וועלען מיר איצט, אָנשטאָט דער פּריצ'ישער קנעכטשאפט, ארייננפאלען אין דער אידישער?" און נאָך פילע אנדערע עהנליכע פראגען. עס פארשטעהט זיך, אז מען האָט די פויערים בארוהיגט, אָבער נאָך א לאַנגע צייט האָבען זיי זיך אַלץ געטומעלט און גערעדט: „ווי אזוי קענען דאָס רוסישע שרייבער אזוי שרייבען וועגען די זשידעס, ווען אונז, פויערים, לעבט זיך פיעל ערגער פון זיי?"

מיט שרעק און צווייפעל זיינען אָנגעפיקעט די בריף פון דער דאָזיגער גרופּע. א דאנק איהר ווייכען הארץ האָט די לעהרערין געוויס פארגרעסערט דעם שרעק פון די פויערים ווען מען האָט פאר זיי פאָרגעלעזען אונזערע פראגען. נאָר אָט האָט איהר די יאָמערגעשרייען וואָס רייסען זיך ארויס פון די דערשראָקענע נשמות פון אונזערע פויערים:

„דער רוסישער מענש איז א גוט־מוטיגער. איהם איז שווער, וואס אידען האבען ניט אלע רעכט און וואס זיי זיינען פארשפארט אין דער טשערטא אסיעדלאסטי, וואו דעם ארימען פאלק לעבט זיך באמת זעהר שלעכט. אבער מיטפיהלענדיג די אידען, קען דער רוסישער מענש דאך ניט פארגעסען אן זיך אליין, און קראצענדיג די פאטילניצע, טראכט ער זיך: „אבער מיר זיינען דאך אויך נאך זעהר ווייט פון צו זיין פולבארעכטיגט... מיר לעבען דאך אויך צוזאמענגעדריקט און אין הונגער... און זאלען נאך דא אהער קו־מען די אידען, זיינען מיר שוין אין גאנצען פארלארען..."

און ס., פון וויאטקע, ענדיגט:

„אין קיין פאל טאר מען ניט די אידען גלייכבארעכטיגען מיט די רוסען, אז ניט, וועט אונז אליין אויסקומען צו אנטלויפען פון רוסלאנד..."

און אין דעם זעלבען טאן שרייבט איוואן פ.:

„וועלכע גלייכבארעכטיגונג פאדערט איהר דאס פאר די אי־דען? שעהמט איהר זיך גאר נישט צו פארנעהמען זיך מיט אזוינע פראגען, זעהענדיג ווי רעכטלאז די רוסען אליין זיינען?..."

און איוואן וו., פון קורסק, זאגט:

„אויב מען זאל געבען אידען רעכט, וועט אונזער גרויס פאטערלאנד ניט שפעטער ווי אין א 20־30 יאהר ארום פארוואנ־דעלט ווערען אין א קנעכט פון די אידען... איהר דארפט הויפט־זעכליך זארגען וועגען אונזער פויער, וועגען דעם דאזיגען זייהער און באשיצער פון אונזער פאטערלאנד; קיין איינציג פאלק אויף דער וועלט איז ניט אזוי פארנאכלעסיגט געווארען, ווי אונזער רו־סישער פויער..."

„איידער איהר נעהמט זיך זארגען און דאגה'נען וועגען די אידען, וואס קענען אליין זייער שטעדטעל באשטעהן, דארף מען פריהער א טראכט טאן וועגען אונזער אייגענעם פויער."

און מ., פון ריגע, שרייבט:

„איך שיק מיין הכנעה'דיגסטע בקשה צו דעם גרויסען באשי־צער אונזערען, דעם ארויסהעלפער פון אונזער וואהלטעטער, דעם קייסער, וו. מ. פורישקעוויטשען און צו דעם רוסישען שרייבער מ. נארקי און אנדערע, העלפט מיט נאט'ס גנאד, שטעהט אויף

און פאַרטיידיגט די רוסישע רעכט־גלויביגע קירכע, באַשיצט אונ־זער שעהן לאַנד פון די דייטשען".

אַן איינוואוינער פון כאַרקאָוו, אַ פויער אָהן ערד, שרייבט:

„איהר וואָלט ליבערשט, זעהר געעהרטע הערען, אָנשטאָט די זשידעס, אַ טראַכט געטאָן וועגען דעם רוסישען פויער".

די סאָלדאַטען ד. און ס. רעקאָמענדירען:

„מען דאַרף פאַר די אידען אָפּטיילען אַ באַזונדערע קאָלאָניע, ווען נישט, וועלען זיי ברענגען רוסלאַנד צו אַ חורבן".

דאָס זעלבע זאָגט אַ פּאָליאַק:

„ווען מען זאָל געבען אידען פולבאַרעכטיגונג, וועט עס זיין דער גרעסטער אומגליק פאַר'ן פויערטום".

די זעלבע מיינונג האָט אונטער־אָפיציר ק.:

„געבען אידען אַלע רעכט, הייסט זיי אַלץ אוועקגעבען".

„ווען מען זאָל אַ איד באַשטימען פאַר אַ גובערנאַטאָר, וואָלט עס סוף כל סוף געפיהרט דערצו, אַז רוסלאַנד וואָלט געוואָרען אַ אי־דישע מלוכה, אַ זאַך, וואָס איז גאָרנישט אַזוי ווינשענסווערט."

„אויב איהר האָט פרייע צייט, וואָלט בעסער געווען איהר זאָלט אויסזוכען אַ וועג ווי צו קעמפען מיט דעם אומרעכט, וואָס פילע פאַמיליען פון די נידעריגערע ראַנגען פון מיליטער באַקומען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג ניט קיין שטיצע".

אַס אָריגינעלסטען דריקט זיך אויס דער איינוואוינער פון לאָדזש:

„מיר האָבען מעהר נוצען פון די אידען אויפ'ן פעלד פון קונסט און וויסענשאַפט, ווען מיר גיבען זיי קיין רעכט ניט, און זאָלען מיר זיי מאַכען פולבאַרעכטיגט, וועלען זיי מעהר ווי קרעמער ניט זיין..."

אָט די אַלע יאָמער־געשרייען פון די פויערים, סאָלדאַטען, אַרבייטער רופען אַרויס אַ פאַרשטעלונג פון עפּעס מענשען, וואָס זיינען דערשראָקען אויף טויט, פון מענשען, וואָס זיינען ניט פעהיג צו אַ פאַרנינפטיגען קאַמף פאַר זייערע רעכט, וואָס האָבען דעם מינדסטען גלויבען ניט אין זייער כח און וואָס לעבען בלויז מיט דער האָפנונג אויף אויסערליכער הילף.

— אונז גיט רעכט, אונז! — שרייען די דאָזיגע מענשען.

איין אונטערראפיציר, פון דעם 67טען מאסקווער פאלק, גלויבט, אז:

„די רוסען דארפען האבען אלע רעכט בלויז פאר זייער אייגען פאלק און קיינע רעכט פאר די פעלקער, וואס זיינען זיי אונטערטעניג. לעבען מעגען אין אונזער לאנד פארשיעדענע פעלקער, אבער זיי טארען ניט האבען די רעכט, וואס מיר האבען".

איך בין, פארשטעהט זיך, גרייט מודה צו זיין, אז דער געדאנק וועגען דער אומפארמיידליכער אידישער עקספלואטאציע איז ארויפגעצוואונגען געווארען אויף די דאזיגע מענשען דורך דער אנטיסעמיטישער פראפאגאנדא. אבער דאס, גלויב איך, איז פאר קיינעם קיין טרייסט ניט און קען אויף א האר ניט פארקלענערען דעם פאקט אליין.

דער פאקט איז — די נייגונג פון רוסישען פאלק אויפצונעהמען אידעען און איינפלוסען, וועלכע, ווארפענדיג א שרעק אויף דעם מענשען, טויטען אין איהם די שטרעבונג צו זעלבסטשטענדיגקייט, זעלבסטשוץ, דעגראדירען זיין ווילען צו באקעמפען יעדעס אומרעכט, טויטען אין איהם יעדען אינטערעס צום לעבען.

מיר ווייסען דאך, אז די מענשען, וואס ווילען איינפיהרען אין רוסישען פאלק די אידעען פון מערב אייראפעאישער קולטור, פיהרען אריין א סך אנדערע געדאנקען, סיי זיי אליין, סיי דאס לעבען גופא — דורך דעם וואוקס פון האנדעל, אינדוסטריע און טעכניק. דאס זיינען דאפעלטע געדאנקען, וואס וואלטען געדארפט אויפוועקען אין פאלק א צוטרוי צו די שאפונגס־קרעפטען פון דעם מענשליכען שכל און ווילען, אנטוויקלען דאס באוואוסטזיין פון דער אייגענער ווירדע און פון דעם רעכט, וואס דער יחיד האט זיך צו וועהרען נעגען געוואלט.

אבער אונז, דאכט זיך, דארף זיין באוואוסט, אז די אידעע פון אקטיוויטעט דרינגט ניט אריין אין דעם כאראקטער פון אונזער פאלק מיט אזא שנעלקייט, ווי די לעהרען פון מורא פאר מענש און לעבען, פאסיווע באציהונג צו זיך אליין און אונטערטעניגקייט צו אויסערליכע קרעפטען.

מיר דארפען ניט פארגעסען, אז דאס האבען מיר, רוסען, אנטוויקעלט די לעהרע פון ניט אנטקעגען־שטעלען זיך דעםביי־

זען, די טעאָריע וועגען דער הייליגקייט פון גאָרנישט ניט טאָן, וואָס איז אזוי עהנליך צו די לעהרע פון דעם פארצייטיגען כינע־זער, וואָס האָט געלערנט: „אַלע דארפען זיין אונטעטיג", און וואָס האָט מיט דער אפענהערציגקייט פון א קינד באהויפטעט: „פארצייטען האָבען די, וואָס זיינען געווען טריי צו דער לעהרע פון טאָא, ניט געזוכט אויפצוקלערען דאָס פאָלק, זיי האָבען איהם גע־האַלטען אין אונוויסענהייט..."

„די אורזאכע, וואָס עס איז אזוי שווער צו רעגירען איבער א פאָלק באשטעהט אין דעם, וואָס דאָס פאָלק בילדעט זיך, און צו־פיל קלוגע פארמאָגט עס..."

„גליקזעליגקייט וועט הערשען אין דעם לאַנד, וואָס וועט רע־גירט ווערען אָהן וועלכער עס איז חכמה..."

די געשיכטע איבערצייגט אונז, אז האַלטענדיג זיך אָן דער פילאָזאָפיע פון פאסיווער באציהונג צום לעבען — איז אוממעגליך צו לעבען.

* * *

פאר דער אידישער עקספּלואַטאציע שרעקט זיך ניט בלויז דאָס פשוט'ע פאָלק, נאָר אויך די פאָרשטעהער פון די קולטורעלע קלאַסען; דער דאָזיגער שרעק ווערט בולט אויסגעדריקט אין 21 בריף.

אָט, צום ביישפּיל, שרייבט איין דאמע:

„ניט שוין־זשע זייט איהר אַלע, ד. ה. איהר, אנדרעיעוו, סאָ־לאָגוב, גאָרקי, א קאָפּיע פון ווילהעלם דעם צווייטען? ווילט איהר שוואכע פעלקער איבערגעבען צום רויב און אונטער דעם יאָך פון די אידען? אָ, ווי גרויזאם דאָס איז!"

און א צווייטער קאָרעספּאָנדענט זאָגט איהר נאָך:

„אַלץ וועט פארשווינדען מיט'ן צופלוס פון די אידען; עס וועט אָפּשטאַרבען דער ווילען און די ענערגיע ביי רוסישע מענ־שען, און, דערפיהרענדיג אונז צו א פאסיווען צושטאַנד, וועלען זיי נעהמען הערשען איבער אונז".

פון טאווראפאָל שרייבט מען:

„מיט'ן אָפּשאַפען פון אַנטיסעמיטיזם, וואָלט רוסלאַנד גע־

ווארען איינע פון די וואהלטעטיגסטע אייראפעאישע לענדער,— נאר די אידען וואלטען געווען... באלעבאטים און מיר, רוסען — די ארבייטער..."

די זעלבע מיינונג האט מען אין קאלוגע:

„דער איינגעבארענער, גרויזאמער עגאאיזם פון דעם אידען זיגט אומעטום איבער דעם גוטהערציגען, ווייניג קולטורעלען, צו־טרויליכען רוסישען פויער און סוחר..."

און פון כערסאן רעקאמענדירט מען:

„גוט, זארגט זיך פאר די אידען, אבער פארגעסט ניט אן די מיליאנען רוסישע פויערים, וואס געפינען זיך נאך אין א פרימיטי־ווען צושטאנד. זעהט נאר, אז ער זאל זיך ניט אויסלאזען פון דעם אלעם, אז אייער אייגען פאלק זאל ניט בלייבער ביי זיך אין דער היים אהן א שטיקעל ברויט..."

און די מאדאם א., פון כארקאוו, טיילט מיט:

„איך באלאנג ניט צו די יודאפאבען. איך אנערקען אלע גוטע אייגענשאפטען, וואס די אידען פארמאגען, און וואס מעהר איך האלט זיי פאר גוט און פיין, אלץ מעהר אנערקען איך, אז דער פלאכער ציוניזם איז דער איינציגער ענטפער אויף דער אידען־פראגע..."

פון מעליטאפאל שרייבט מען:

„עהרענהאפט, פול מיט אויסדויער און ארבייטס־פעהיג, מיט איין ווארט, — עס זיינען ניט געווען און וועלען, מסתמא, קיינמאל ניט זיין קיין בעסערע מענשען פון די אידען. אבער דאס הייסט ניט, אז פאר אונז, ווי פאר א זעלבסטשטענדיגע נאציע, זיינען זיי ניט קיין אומגליק..."

שרייבען אזוי קולטורעלע מענשען? יא, צום באדויערען, דאס שרייבען די אומגליקליכע רוסישע מענשען מיט כינעזישע נשמות, מענשען, וועמען דאס לעבען האט אויף טויט דערשראקען, וואס האלטען זייער אייגען פאלק פאר אונמעכטיג און הילפלאז...

עס קלאגט זיך אזא כינעזישער רוס:

„ווען איהר זאלט כאטש איינמאל אויף די שפאלטען פון דער ציימונג אויסדריקען אייער מיטגעפיהל צום רוסישען פאלק, צו זיינע אינטערעסען..."

און, ענדליך, הערען מיר די שטימע פון דעם פויער או.:

„עס איז אומבאַדינגט נויטיג צו געבען אידען גלייכבארעכטי־גונג, אָבער דאָס דאַרף געטאָן ווערען שטופּענווייז און ניט מיט אַמאָל, דערצו גאַנץ פאָרזיכטיג, ווען ניט, וועט אין אַ גאַנץ קורצער צייט אַ העלפט פון רוסישען פאָלק, אויב ניט דאָס גאַנצע, זיין פאַר־שקלאַפט ביי אידען..."

קען מען צורעכענען די מענשען פון אָט דער קאַטעגאָריע צו די אַנטיסעמיטען? מיר איז אביסעל שווער צו זאָגען, — יאָ, מען קען.

אין די אַפאָריזמען, וואָס איך האָב נאָך פאַרגעלעזען, פיהלט זיך ניט יענע קראַנקהאַפטע שנאה צום אידען, וואָס האָט זיך גע־פיהלט אין די בריף, וואָס איך האָב פריהער פאַרגעלעזען.

אין אָט די בריף פיהלט זיך בלויז דער שרעק פון אַ מענשען, וואָס אַנערקענט זיך פאַר שוואַך, רעכטלאָז, הילפלאָז. ער פיהלט זיך געבונדען, ער איז איבערגעשראָקען; דער איד זעהט אויס אין זיינע אויגען פריי, שטאַרק. דאָ איז בלויז דאָ די מורא פאַר ווייטערער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אונטערדריקונג. עס איז אמת, אז שרעק איז אַ מיאוס'ער געפיהל, נישט קיין מענשליך גע־פיהל, עס קען לייכט אויפוועקען גאַנץ דונקעלע געפיהלען, — פאַר מורא קען מען דער'הרג'ענען אַ מענשען, מאַכען פּאָגראָמען...

איך וויל נאָך אַמאָל באַמערקען, אז אין די בריף פון די פּוי־ערים, זעלנער, בכלל אין די בריף פון דעם פשוט'ען פאָלק, איז דאָ מעהר יאָמער ווי שנאה. דער אויספיהר פון דעם גאַנצען יאָמער איז: לאָזט ניט אריין צו אונז קיין פרעמדע, מיר האָבען מורא פאַר די פרעמדע, זיי זיינען קלינער פאַר אונז.

איך ווידערהאָל נאָך אַמאָל: דאָס איז אַ כינעזישער יאָמער, אַ כינעזישע, מזרח באַציהונג צום לעבען, צו מענשען, צו זיך.

אָבער אין דעם גאַנצען פּלאָנטער פון באַגריפען, אין דעם גאַנ־צען חושך פון פאַראורטיילען און שנאה, דערהערען זיך אַמאָל די שטימען פון פאַרשטענדיגע מענשען. דער קאַפּיטאַן ש., צום ביישפּיל, זאָגט:

„עס וואָלט פיל גלייכער געווען, אז צום אַלעם ערשטען זאָל מען זאָרגען פאַר דעם רוסישען פויער, וואָס איז באמת רעכטלאָז;

דער פאריאגטער און אייבינער איד וועט איהם אפען באליידיגען און אפנארען. קוקט זיך צו צום לעבען פון די פויערים אין הארץ פון רוסלאנד — אין קאלוגער גובערניע, און פארגלייכט עס מיט'ן לעבען פון די אידען אין זיד־רוסלאנד און אייך וועט דאמאלט קלאר ווערען פאר וועמען מען דארף זארגען צום ערשטען... הויבט צום ערשטען אויף דעם מצב פון דעם רוסישען פויער, באפרייט איהם פון זיין אונוויסענהייט און ערשט דאמאלט דאגה'ט פאר די אידען, צווישען וועלכע עס איז ניטא קיין מענשען, וואס זאל ניט קענען שרייבען..."

„אפטמאל זאגט מען אונז: גיט א קוק אויף א ענגלאנד, אויפ'ן לאנד פון פרייהייט און ציוויליזאציאן. דארטען לעבען די אידען אלס פולבארעכטיגטע בירגער, און עס זיינען דארט אויך פאראן אידישע מיניסטארען... ריכטיג! אין ענגלאנד מעג א איד זיין וואס איהם ווילט זיך נור אליין, און ניט דאס פאלק, און ניט דאס לאנד וועט דערפון ליידען, אבער ביי אונז זאל גאט באהיטען, אז א איד זאל אפילו ווערען א פאליציי־מאן... יא, ווען מיר וועלען דערלעבען צום ענגלישען — — — — — — — — — — — וועט די פראגע וועגען אידישער גלייכבארעכטיגונג אונז אויסקומען קאמיש, ווי זי זעהט איצט אוים פאר אן ענגלענדער..."

איך גלויב, אז ווען מיר זאלען פאלגען די עצות פון דעם קאפיטאן, דעם שמיד און די אלע איבריגע, וואס האבען דעם זעלבען בליק אויף דער זאך — וועט דער שרעק פאר דער אידישער געפאהר פארשווינדען אין רוסישען פאלק ווי אלע אנדערע שרעקען זיינע.

אבער איצט, אין אנגעזיכט פון דער שרעקליכער אומוויסענהייט, זיינען אפילו די געדאנקען, וואס, ענטשטעהענדיג אויפ'ן באדען פון קלאסען־קאנפליקטען און געגענזאצען, האבען ארגאניזירט דאס ארבייטער פאלק פון מערב איירעפא אין א נייער סאציאל־קולטורעלער קראפט, — אפילו אט די געדאנקען און געפיהלען ענטוויקלען זיך ביי אונז, אין רוסלאנד, ניט אין גאנצען נארמאל, ווי עס איז צו זעהן פון דעם בריף, וואס 21 ארבייטער פון א כארקאווער פאבריק האבען צוגעשיקט.

„די אידען ענטוויקלען דעם קאפיטאליזם", — טיילען מיט

די דאָזיגע ארבייטער א נייען מאָטיוו פאר דער באשולדיגונג פון די אידען. די דאָזיגע באשולדיגונג ווידערהאָלט זיך אין פארשי־דענע בריף מעהר פון צעהן מאָל.

אז דאָס אידישע פאָלק, אלס פאָלק, איז אזויפיעל שולדיג אין דער ענטוויקלונג פון קאפיטאליזם, וויפיל די באשולדיגער אליין, — דאָס איז נאָך ניט אריין אין זייער באוואוסטזיין. און מען קען זיי אין דעם ניט באשולדיגען — ווייל אפילו ניט אלע פאָרשטעהער פון די קולטורעלע שטאנדען פון אונזער פאָלק האָבען שוין באגריפען ס'ארא גרויסע פראָגרעסיווע באדייטונג די ענט־וויקלונג פון קאפיטאליזם האָט פאר אונזער לאנד; ניט אלע פון זיי זיינען איבערצייגט אין דעם אז בלויז דער קאפיטאליזם, און די אומפארמיידליכע ענטוויקלונג פון סאציאלען זעלבסטבא־וואוסטזיין, וואס דער קאפיטאליזם ברענגט מיט זיך מיט, זיי־נען אים שטאנד ארויסצופיהרען אונזער לאנד פון דער בלאָטע פון מזרח־צובראָכענקייט אויף די ברייטע וועגען פון דער מערב־איי־ראפעאישער קולטור.

עס איז קיין צווייפעל ניט, אז די רעאקציאנערע פראפאגאנ־דע פון דער משיח־אידעע און די אייגנארטיגקייט פון רוסישען פאָלק האָט לעצטענס געהאָט א געוויסען ערפאָלג צווישען דער אינטעליגענץ, און אין דעם מוח פון דעם קליינבירגער ווערט די דאָזיגע אידעע נאָך מעהר רעאקציאנער און שווארץ.

אָט וואָס ער שרייבט, צום ביישפיל, א מענש, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבען „וואָס איז א נאָמען?":

„דער מערב איז ניט רוסלאנד, און רוסלאנד איז ניט דער מערב, נאָר — אזיע".

דער אינזשיניר א. פון אוראל שרייבט:

„מען דארף ניט האָבען קיין פרעמדע טרעגער פון א פרעמ־דער, פארפוילטער קולטור. מיר — דאָס יונגע, נייע סלאווענטום, וועלען ברענגען, אָהן פרעמדע הילף און פרעמדע באפעהלען, אונ־זער אמת'ע, אייגענארטיגע, הומאנע קולטור. רוסלאנד און דאָס סלאווענטום — דאָס זיינען די טרעגער פון דער צוקונפט..."

און א לעהרער פון סאראטאָוו זאָגט:

„די שלעכטע זייט פון אנטיסעמיטיזם באשטעהט אין דעם,

וואס די פארשידענע באגרענצונגען פארהאלטען קינסטליך דאס אנטייל נעמען פון די אידען אויף'ן פעלד פון וויסענשאפט, וואס איז אזוי נויטיג פאר רוסלאנד; דאס האט אבער אויך א גוטע זייט: א דאנק דעם קליינעם אנטייל פון די אידען, וועט די רוד סישע וויסענשאפט, די רוסישע ליטעראטור זיך ענטוויקלען אויף א מעהר אייגענארטיגען אופן. אין דעם פרט וועט דער רוס זיין נעהנטער צו די מזרח פעלקערשאפטען פון טאטערשער אפשטאמונג, איידער צו די צופיעל באוועגליכע אידען, וואס זיינען איהם אין גאנצען פרעמד."

דער דאזיגער לעהרער טיילט אונז מיט, אז ער איז א פראַ־וואסלאוונער און האט אן אוניווערסיטעט בילדונג. מיר קענען זיך פארשטעלען, אז יאהרען נאך יאהרען האט ער איינגע'טענה'ט און וועט נאך איינ'טענה'ן מיט אונזער יונגוואָרג וועגען די אידעע פון ראסען און, געוויס אויך, פסיכישער געמיינשאפטליכקייט פון די רוסען מיט די קירגיזען, קאלמיקען א. ז. וו.

מען קען אין אלגעמיין קריגען פון די בריף זעהר פיעל טרויעריגען מאטעריאל וועגען דער פסיכאלאגיע פון דער רוסישער זעלבסט־ערקענטניש. אפט — שוין צו אפט! — ווערט אנגעוויזען אז דער רוסישער מענש איז גוטהערציג, ווילענלאז. די מאַדאם פ. פון סאראטאוו, געפינט אז „די דייטשען און די אידען זיינען לומפען, און פאר די רוסען איז ניטא קיין אנדער נאמען ווי אידיאטען..."

איינער פילאזאפירט אזוי:

„א פאראזיט באזעצט זיך אין א מענשען, וואס קען זיך ניט האלטען אין ארדנונג, באנוצט זיך ניט מיט קיין זייף, בארשט, א. ז. וו. רוסלאנד, א דאנק דער אונארדנונג, וואס הערשט אין איהר, איז א גלענצענדער מאטעריאל, א גרויסע ערנעהרערין פאר אזעלכע פאראזיטען..."

נאך שארפער איז א בריף, וואס איז באטיטעלט: „פון אלע פויערים און איינוואוינער פון וויטעבסקער גובערניע":

„אין דער שטאדט גיניטשעסק, וועלכע איז פאלשטענדיג איינגענומען געווארען פון די זשידעס, איז אין צענטער ניטא קיין איין הויז, קיין איין קרעמעל, קיין איין וועהר־הויז פון אגריקול־

טור געצייג, וואס איז ניט אין זשידאוווסקע הענט. פון צענטער פון שטאדט האט מען די רוסישע אייזלען ארויסגעשטויסען. אין דעם צענטער זיינען נאר דא זשידעס און דייטשען. דאס אלץ ווערט אויסגעפיהרט דורך כאבאר, א. ז. וו., א. ז. וו., א. ז. וו. עס איז נאר געבליבען איינס: אויסקלייבען א זשיד פאר א גאַ־לאווא, און דאן וועט דעם רוסישען אידיאט, דעם אייזעל, ניט מעהר בלייבען, ווי אנטאן א טארבע, איינע פאר אייער און די צווייטע פאר מעהל, און אוועקלאזען זיך איבער רוסלאנד, בעטלען אין נאמען פון רוסישען גאט, יעזוס. . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .״

„און איך, פון מיין זייט, וואלט פריהער פון אלץ געראטען ניט אננעמען זיך פאר׳ן אידען, נאר איינפאך שרייען, אז מען זאל ארויסשלעפען דעם רוסישען דומקאפ, דעם כאם פון פארגליווערט־קייט (עקסטאז), פון שיכרות, און איהם צווינגען וואס וויי־ניגער זיין אונטערטעניג און אויפרייסען דער בעסטיע די אויגען און איהם אויסלערנען לעזען און שרייבען — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — ״

דער דאזיגער געדאנק דארף אין גאנצען זיין פרעמד א לאנד וועגען וועלכען מען האט געזאגט:

**Всю Тебя, страна родная,**
**Въ рабскомъ видѣ Царь Небесный**
**Исходилъ, благословляя...**

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

דער פאלקלאר פארזיכערט אונז, אז דער אור־מענש האט געגלויבט מעהר אין דער מאכט פון שלעכטע נאטור קרעפטען און געטער, ווי אין דער מאכט פון די גוטע; מעגליך, אז אין דער טי־פעניש פון אונקולטורעלען מענשענס נשמה צוזאמען מיט׳ן שרעק פאר׳ן שלעכטען גאט, לעבט אן ארגאניש מיסטרויען אין דער מאכט פון גוטען גאט.

די צערטליכע לעהרע וועגען ליבע צום נאהענטען, זי איז איי־

נע פון די מעכטיגסטע פּרואווען פון ווילען און פארשטאנד צו־זאמענצובינדען אלע מענשען אין איין ברודערשאפט, אין איין גאנ־צעס. אָבער מיר לעבען אין א צייט פון סאָציאלע ווידערשפּרו־כען.

בלויז אזא צושטאנד, וואו אלע זאָלען האָבען גלייכע פּאָלי־טישע און סאָציאלע רעכט, וועט באשאפען א מאָראל וואָס וועט זיין אָנגענומבאר פאר אלעמען.

מען קען מיר פאָרווארפען, אז איך ערלויב מיר צו פּאָלעמי־זירען מיט אייניגע קאָרעספּאָנדענטען, א זאך, וואָס איז, דאכט זיך, ניט ערלויבאר אין אזא פאל; מען קען מיר פאָרווארפען, אז איך האָב ניט פארבאָרגען מיין געפיהל פון פאראכטונג צו אייניגע בריף שרייבער.

יאָ, איך פּאָלעמיזיר און וויל ניט פארבאָרגען מיין געפיהל צו מענשען, וואס זיינען שלעכט א דאנק זייער דומהייט.

איך בין א רוס, און איך האָב דאָס געפיהל פון פערזענליכער פאראנטווארטליכקייט פאר דעם אלעם שלעכטען, וואס ווערט גע־טאָן, געטראכט און גערעדט פון רוסען, אלע איינס, צי עס איז אין באציהונג צו זיך, אדער אין באציהונג צו די אלע אנדערע פעלקער, וואס זיינען געצוואונגען צו לעבען מיט אונז אין תחום פון אונווי־סענהייט, פון שנאה, אין אונזער שטיקענדער אטמאָספערע.

אָ, ווען דו, לעזער, וואָלסט וויסען, ווי פּיינליך שווער, און ס'אָרא שאנדע עס איז פון דעם אלעם צו רעדען.

* * *

מיר האָבען איצט פאר זיך 93 דאָקומענטען, וואָס זיינען גע־שריבען געוואָרען פון די פאָרשטעהער פון דעם רוסלאנד, צו וועל־כער עס געהערט די צוקונפט פון אונזער לאנד — פון מענשען פארשטענדיגע און עהרליכע.

אָט איז צום ביישפּיעל א בריף:

„לעזענדיג אייער בריף, גלויבען מיר מיט'ן גאנצען הארצען, אז עס וועט אויפוועקען יעדען רעכטדענקענדען מענשען פון זיינע מאָראלע טעות'ן און איהם מאכען פאר א קעמפער געגען דער פאל־שער אידעע פון אנטיסעמיטיזם. פון אונזער זייט וועלען מיר,

מיר אַנהענגער פון סעמיטיזם, אַנווענדען אַלע מיטלען צו באַקעמ־פען די אַלע אידעען, וואָס זיינען געצילט געגען דעם יודענטום..."

איינשטימיג אנערקענען די מענשען פון דער גרופּע, אז:

„דער אַנטיסעמיטיזם נעהרט זיך און האַלט אַן אויסשליסליך אַ דאנק דער אידישער רעכטלאָזיגקייט."

זיי ווייסען, אז:

„דער ערשטער מיטעל אין קאמף געגען אנטיסעמיטיזם, איז אפּצושאַפען אַלע שטערונגען אויפ'ן וועג פון בילדונג... קיין שום זאך בינדט ניט צוזאַמען די מענשען אזוי, ווי בילדונג..."

און פון אוראַלער געגענד שרייבט מען:

„דאָס, וואָס רוסלאַנד איז באַוואוינט פון פארשידענע פעל־קער, איז א רייכער באָדען פאר נאַציאָנאלע פאראורטיילען און שנאה..."

„פאר רוסלאנד איז אזא ערשיינונג ניט ווינשענסווערט, עס איז פאטאַל און טרויעריג..."

„לויט מיין מיינונג דארף די פאָלקס־שול נעמען אויף זיך די אויפגאבע אקטיוו צו באקעמפען דעם אנטיסעמיטיזם..."

די ברידער ניקאָנאָוו פון ארענבורג ווייזען אָן אויף דעם, אז זיי האָבען זיך געלערענט אין זיד־רוסישע גימנאַזיעס, איידער די פּראָצענט נאָרמע איז דאָרט איינגעפיהרט געווארען און אין די מייסטע פאלען האָבען די אידען איבערגעלאָזען ביי זיי די בעסטע ערינערונגען.

זיי שרייבען:

„וואָס ווייניגער מען באקעמפט דעם אנטיסעמיטיזם, אלץ מעהר צוואוואקסט ער זיך."

און ווייטער שרייבען זיי:

„עס איז דער חוב יעדען קולטורעלען מענשען צו קעמפען גע־גען דעם אנטיסעמיטיזם מיט אלע מעגליכקייטען: מינדליך, שריפטליך. מען דארף זעהן אויף א געזעצליכען וועג אויסקעמפען פאר אידען פולבארעכטיגונג..."

א. ב. טיילט מיט:

„איך געפין שעדליך פאר מיין פאטערלאנד דאָס, וואָס דער איד, כדי צו באקומען רעכט, מוז ער איבערבייטען די רעליגיאָן

פון זיינע עלטערען אויף דער פראוואסלאוונער: עס דערנידערט די מאראל, ווארים עס איז דאס זעלבע, ווי מען וואלט איהם גע־צוואונגען צו בייטען זיין רעליגיאן."

כמעט ביי אלע קארעספאנדענטען פון אט דער גרופע איז די באציהונג צו דער אידען־פראגע אן אינטעליגענטע; זיי בויען זייערע מיינונגען אויף פערזענליכע ערפאהרונג, און אין יעדען פון זיי פיהלט זיך א טיפע פאראנטווארטליכקייט.

זעהט, צום ביישפיעל, וואס עס שרייבט א.:

„דאס פאנאנדערשפרייטען זיך פון אנטיסעמיטיזם האט א פארדערבליכע ווירקונג אויף דער קולטורעלער ענטוויקלונג פון רו־סישען פאלק, ווייל דורך דעם נעהרט זיך דאס רוסישע פאלק מיט פאראורטיילען און אונוויסענהייט..."

„דער אנטיסעמיטיזם האט א שלעכטע ווירקונג אויף דער ווירטשאפטליכער ענטוויקלונג פון לאנד..."

„די אידישע רעכטלאזיגקייט איז דער רעזולטאט און די אור־זאכע פון אנטיסעמיטיזם, אויב אונטער דעם ווארט ווערט פאר־שטאנען א פיינדליכע באציהונג צו אידען..."

„פון מיינע פערזענליכע באאבאכטונגען בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דער אנטיסעמיטיזם איז אן אנשטעקענ־דיגע קראנקהייט, און ער האט מיך איינציגווייז פארגיפטעט, און מען מוז א סך אויף זיך ארבייטען, כדי ניט אין גאנצען פאר'סם'ט ווערען".

„ווען מיר זיינען געווען קינדער, האבען מיר ניט געמאכט קיין אונטערשיד צווישען אידען און אונז, אבער וואס עלטער מיר זיינען געווארען, האט מען אונז אלץ מעהר און מעהר געגומען איינריידען, אז די אידען האבען אלע אייגענשאפטען פון שלעכ־טע מענשען, אז זיי טרינקען אפילו בלוט. פון די ערשטע שול־יאהרען האט מען שוין דאס אין אונז איינגע'טענה'ט. איך האב געענדיגט דעם קורס אין איינעם פון די מערב גובערניעס. ווען איך בין אלט געווען אכצעהן יאהר בין איך געווען איינער פון די אונצעהליגע וואפען צום רוסיפיצירען און פארניכטען די פאלא־קען. מיין פליכט איז געווען נאכצוקוקען און פאדערען, אז די פוילישע קינדער זאלען זאגען זייערע תפילות אויף רוסיש. און

שטענדיג האָבען מיר, רוסען, געזאָגט צו די אידען: „באַלד וועלען מיר זיך א נעם טאָן צו אייך.״ די פּאָליאַקען האָט מען אונז באפוילען פיינט צו האָבען, אבער אין אונזערע אויגען איז דער איד אונז געווען פיל פרעמדער פון דעם פּאָליאַק.

„דאָס וויכטיגסטע צו באַקעמפען דעם אנטיסעמיטיזם — ענדיגט ער — איז צו מאַכען אידען גלייכבערעכטיגט.״

איינער, וואָס שרייבט זיך אונטער „דער אַלטער מאַן״, זאָגט כמעט דאָס זעלבע:

„דאָס איינציגע מיטעל איז בילדונג, אויפקלערונג, אַלגעמיינע בילדונג. דעמאָלט וועלען פון זיך אליין אויסגעהן דער אנטיסעמיטיזם און דאָס שוואַרצע־מאה׳טום״.

„אויב אין מיינע אויגען זיינען די שוואַרצע מאה׳ניקעס שטענדיג געווען דער אויסדרוק פון אלעם שלעכטען, איז דאָס דערפאַר, וואָס איך אַליין האָב א גאַנץ יאָהר באַלאַנגט צו דער דאָזיגער שעדליכער געזעלשאַפט, וואָס שטרעבט אַרונטערצואוואַרפען די עקזיסטירענדע אָרדנונג פיל מעהר פון אלע סאָציאַליסטען און אנאַרכיסטען...״

ג. קוזנעצאָוו דערצעהלט פון דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט איהם אַליין:

„דאָס וואָס איך בין ניט מעהר קיין אַנטעסעמיט, האָב איך צו פאַרדאַנקען אַן איידעלע אידישע פאַמיליע.

״דער דאָזיגער פאַמיליע בין איך שולדיג מיין מאָראַלע ווידערגעבורט: איך בין פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א פרייען מענש און איך לייד פון דער אומגערעכטיגקייט, וואָס הערשט אַרום מיר, און דער טאָג, ווען עס וועט פאַרניכטעט ווערען דער תחום און די פּראָצענט נאָרמע, וועט זיין פאַר מיר א יום־טוב.״

זעהר ווערטפול, דאַכט זיך מיר, איז דער בריף פון דעם „שטאַאַטסראַט״: —

„דורכלעזענדיג אייער ווענדונג, פיהל איך זיך בארעכטיגט צו ענטפערען אויף אייערע פראַגען; איך שרייב א גאַנצע „ליטעראַרישע ארבייט״ און איך בעט דערפאַר ארויסשיקען מיר אייער בוך וועגען דער דאָזיגער וויכטיגער פראַגע...״

„ניט אַלע ענטפערס, וואָס איהר וועט באַקומען וועלען האָ־

בען א ווערט; ווארים פילע וועלען זאגען מיינונגען וועגען זאַ־
כען, וואס זיי ווייסען ניט, ווען רעדען וועגען אידען, וועלכע
זיי האָבען פאר די אויגען ניט געזעהן. איך, אָבער, האָב זיך גע־
לערענט אין סובאלקער גובערניע, אין תחום, געדינט האָב איך אין
פוילען און אין אַלגעמיין געהאַט אַ מייסטען באַציהונגען מיט אי־
דען. איצט וואוין איך אין ווילנע און איך בין א געהילף פון א
געשוואָרענעם אדוואָקאַט, אַזוי, אַז נאָך איצט האָב איך אַ מעג־
ליכקייט זיך צו באגעגנען מיט אידען. מיינע עלטערען זיינען גע־
ווען לייב־אייגענטימער. פון קינדווייז אָן האָבען זיי מיך גע־
לערענט, אַז אידען זיינען אַל דאָס שלעכטס; מען האָט עס אַזוי
אין מיר איינגעטענה'ט, אַז ווען איך האָב אין ערשטען קלאַס
גימנאַזיום געדארפט ענטפערען דעם רעליגיאַנס לעהרער אויף דער
פראגע „פון וועלכען פאָלק איז אַרויסגעקומען יעזוס?" האָב איך
געזאָגט — „פון רוסישען". איך האָב געוויינט פאר באַליידי־
גונג, ווען דער לעהרער האָט מיר פאַרריכט, אַז ניט קיין רוס, נאָר
א איד איז יעזוס געווען. מיין דאמאַלסדיגער שכל האָט ניט גע־
קאָנט באגרייפען, אַז עס קען זיין אַ צוזאַמענהאַנג צווישען קריס־
טוסען און די אידען.

איצט, ווען איך בין אַן עלטערער מענש, גלויב איך, אַז דער
גאַנצער אומגליק ליגט ניט אין די אידען, נאָר אין דער פינסטער־
ניש, אין וועלכער מיר געפינען זיך. מיר פאַרשטעהען אין די
עלטערע יאָהרען אפילו ניט דאָס, וואָס א אידיש קינד פאַרשטעהט
שוין אין פריהסטער יוגענד. דערפאַר טאַקע זעהען די אידען אונז
אוים צו זיין זעהר געפעהרליך..."

„די אידען זיינען זעהר אַן אַרבייטזאַם, עקאָנאָמיש פאָלק;
אַ פאָלק אַ פאַרזיכטיגעס, וואָס זאָרגט פאַר'ן מאָרגענדיגען טאָג,
עס וועט נאָך לאַנג דינען אַלס מוסטער פאר רוסלאַנד."

און אפענהערציג זאָגט אַ צווייטער קאָרעספאָנדענט: —

„איך פיהל אַ גרויסען רחמנות צום אָרעמען, דערשלאָגענעם
אידישען פאָלק; און מען קען ניט ניט האָבען אַזאַ געפיהל, ווען
מען הערט, זעהט, לעזט צו וויפיעל באַליידיגונגען דער איד איז
אונטערגעוואָרפען. און איך גלויב, אַז שעמען זיך דאַרף דאַרף
דאָס גרויסע רוסישע פאָלק."

אין אַנדערער ווייזט אָן:

„עס איז אמת, אז אין געזעלשאַפטליכען לעבען זיינען די אידען מייסטענס זעהר גרויזאם. זיי זיינען זעהר קארג; דאָס האָבען מיר, קריסטען, זיי ערצויגען דערצו דורך צוויי טויזענד יאָהר פאַרפאָלגונגען און אויסנאַם געזעצען..."

זעהר ריכטיג ווייזט אָן א ווילנער איינוואוינער:

„אין דעם אָרעמסטען פּוילישען אָדער ליטווישען דערפעל וועסטו טרעפען בלומען טעפּ, וואס באצירען די הייזער און זאגען עדות, אויף דער ליעבע פון דעם איינוואוינער צו זיין שטיקעל ערד, צו זיין וויגעל; ביי א אידען, אבער, וועסטו קיין בלומען ניט טרע־פען, — א איד איז דאָך אָהן א פאָטערלאַנד, ער איז דאָך ניט צוזאמענגעבונדען מיט'ן שטיקעל ערד, וואו ער וואוינט..."

אין אַנדערע בריף ווערט אָנגעוויזען אויף געוויסע שטריכען אין אידישען כאַראַקטער, וואָס שטעלען זיי העכער פון דער ארומיגער באפעלקערונג, די דאָזיגע שטריכען זיינען — „א מאָראַלישע פאמיליען לעבען, אן אונטערנעמונגס־גייסט, א שטרעבען דורך שווערע ארבייט און אויף אן עהרליכען וועג ארויסצורייסען זיך פון דער נויט, אן אונאויפהערליכעס שטרעבען צו געבען די קינדער בילדונג, מאכען זיי פאר עהרליכע מענשען, ניכטערע א. ז. וו..."

אין אַנדערער שרייבט:

„איך האָב צעהן יאָהר אָפּגעלעבט צווישען אידען און קען זאָגען, אז דאָרט, וואו עס איז דאָ א איד געהט דאָס לעבען פאָר־ווערטס, די פארוואָרפענסטע ווינקעל לעבט אויף, ווען עס קומט אַהין א איד..."

דער אַלגעמיינער רעפריין צו די אַלע בריף איז:

„ווען אידען וועלען באקומען פולע בירגער־רעכט, וועט פון זיך אַליין פאַלען יעדע נאַציאָנאַלע און ראַסען שנאה..."

די זעלבע מיינונג, האָט מען אין פענזע:

„דער איינציגער ראדיקאַלער מיטעל אין קאמף מיט'ן אַנטי־סעמיטיזם, איז געבען אידען אַלע רעכט..."

עס איז ניטאָ קיין איינציגער ארגומענט אין די בריף פון דער אנטיסעמיטישער גרופּע, וואס זאל ניט באאנטוואָרט ווערען אין די בריף פון אָט דער גרופּע.

אין נאָמען פון א סך „געזינונגס גענאָסען” שרייבט א גייסט־ליבער פון קאלמיש: „דער אנטיסעמיטיזם קען די קולטור ניט פארהאלטען”. מען קען איהם פשוט פרעגען: „וואס ווייסט מען אין קאלמיש וועגען אידען?”

נאָר דער פון טשערניגאָוו, וואס האָט לאנג געוואוינט אין תחום, שרייבט איבערצייגענד:

„יעדער מענשענהאס — איז א צרה. געוואלט רופט ארויס געוואלט. איך גלויב, אז דער אנטיסעמיטיזם איז זעהר שוואך ענטוויקעלט צווישען די ברייטע מאסען אין דאס בלויז אויפ'ן באָדען פון מאטעריעלע אינטערעסען. די מוזשיקעס פון טורגאיער פראָווינץ האָבען געבעטען די נאטשאלסטוואָ, אז זי זאָל ערלויבען אידען צו וואוינען מיט זיי.”

די זעלבע מיינונג האָט אויך אן אנדער קאָררעספאָנדענט: ער שרייבט:

איך בין אלט 65 יאָהר, מיין גאנץ לעבען האָב איך פארבראכט אין טשערניגאווער, פאלטאווער און כארקאווער גובערניעס. — דאָס איז אייגענטליך דער געגענד וואו אידען האָבען א רעכט צו וואוינען, אדער וואוינען אזוי לאנג ביז מען טרייבט זיי ארויס.

„אויב מיר האָבען וועלכע עס איז שלעכטע באציהונג צו זיי, איז עס ניט ווי צו אידען, נאָר ווי צו הענדלער, אָבער מיט רוסישע הענדלער באגעהט מען זיך ניט בעסער, ווי מיט אידישע, ווייל דער גאנצער האנדעל איז ביי אונז אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף א שווינדלערישען וועג. און אזוי ווי אין אָט דער געגענד זיינען די מייסטע הענדלער — אידען, מיינט מען, אז דאָס איז אנטיסעמיטיזם. אויב עס זיינען ביי אונז געווען אנטי־אידישע באוועגונגען, איז עס א דאנק א גרופע אונעזהבארע . . . מענשען . . . . . . . . . . . אָבער אזוינע פאָגראָמען קען מען היינט מאכען אויף אידישע הענדלער, און מאָרגען — אויף יעדען פארמעגליכען מענשען, מעג ער זיין א פריץ אָדער פויער...”

„ווי לאנג אונזער פאָלק, אלס גאנצעס, וועט בלייבען אזוי אונענטוויקעלט און אונטעטיג, ווי איצט, וועט יעדער מעהר־ענט־

וויקעלט און טעטיג פאָלק אונז האַלטען אין איין עקספּלואטירען און אלס באַלוינונג דערפאר, — וועלען מיר זיי זידלען און פאר־אכטען...״

און ווידער ווערט אָנגעוויזען אויף דעם, אז די ענערגיע, וואָס די אידען פארמאָגען איז נויטוועדניג פאר׳ן ווירטשאפטליכען וואוקס פון רוסלאַנד.

„איך ווייס ניט פון וואנען עס שטאַמט די נארישע שנאה צו די אידען, די פאראכטליכע באציהונגען צו זיי, — שרייבט א מענש פון וויאטקע — ווען איך בין פאר ניי־יאהר געווען אין סור־באלקער גובערניע, אין סובאלק אליין, אין ווילנע, אין גראָדנע, איז מיר אויסגעקומען פיל מאָל צו רעדען מיט פּאָליאקען, מיט אי־דען, און איך מוז מודה זיין, אז זייער בליק אויף דער מלחמה איז אָפטמאָל געווען פיעל פיינער ווי אונזערער. ניט ערוואַרטענדיג קיין פארבעסערונג פון זייער לאַגע אפילו אין דער צוקונפט, שלאָגען זיי זיך פאר דעם פאָטערלאַנד, וואס אנערקענט זיי ניט. מיינע פער־זענליכע סימפאטיען זיינען שטענדיג געווען אויף דער זייט פון די אידען, פון דעם דערשלאָגענעם, הויך קינסטלערישען פאָלק. איך זאג הויך־קינסטלערישען, ווייל ביי קיין אנדער פאָלק האָב איך ניט באמערקט אזויפיעל פּאָעזיע, אזא מוזיקאַלישקייט, אזא פארשטעהן פון אלץ, וואס איז שעהן. איך גלויב, אז דאָס רוסישע פאלק קען נאָך נישט געווינוג די אידען. גלייכגילטיג געהט ער פארביי דעם אידען. פאנאנדערצוקלייבען זיך אין איהם, א קוק טאָן אין זיין נשמה אריין, — דאָס פאלט איהם גארניט ניט איין. קוקט זיך צו, מיינע הערען! שטעלט זיך פאָר זיין ביטערע לאַגע, זאָל אייך ריהרען זיין פארצווייפלונג און דעמאָלט וועט איהר שוין ניט קע־נען גלייכגילטיג איהם פארבייגעהן. איהר, וואס טראגט דעם נאָמען פון קריסטען, וועט זיך ניט אייער הארץ עפענען פאר׳ן גאָט פון לי־בע, וועט איהר ניט אויסשטרעקען אייער האנד צום אויסגעהענדיגען ברודער — א מענשען, ווי איהר אליין?...״

איהר האָט געווים באמערקט, אז איך מייד אויס זעהר אָפט אָנ־צוגעבען די נעמען פון די קארעספאָנדענטען און ניט שטענדיג ווייז איך אפילו אָן דאס ארט פון וואנען עס קומט דער בריף. איך טו עס דערפאר, וואס איך האָב מורא פאר זייער זיכערהייט, זיי רע־

דען שוין צופיעל אפען, פשוט. אפנים, זיי האבען אין גאנצען פאר־געסען, אז אין רוסלאנד איז ניט אנגענומען צו זאגען דעם גאנצען אמת.

אט האט איהר א בריף פון א בארעמהערציגער שוועסטער:

„איך, א בארעמהערציגע שוועסטער, וויל אויך זאגען א פאר ווערטער אין פארטיידיגונג פון די אידען. ניט דערפאר, וואס איך האב גענומען אויף זיך אזא נאמען, נאר דערפאר, וואס איך האב זיך איצט, אין די דאזיגע שווערע טעג פאר אונזער פאטערלאנד, באגעגענט מיט אידען און זיי פארשטאנען; זעהענדיג זייער אר־בייט, זייער באציהונג צו דער מלחמה, צו די געפאלענע און פאר־וואונדעטע האב איך זיך איבערצייגט, אז די שנאה צו זיי איז אן אומזיסטע. פאר וואס ווערען זיי אונטערגעדריקט?...”

א פויער, וואס איז איצט א סאניטאר, שרייבט פון ווארשע:

„דורכלעזענדיג אין דער „ווארשאווסקאיא מיסל” וועגען אייער אנקעטע, קען איך זיך ניט איינהאלטען פון אויסדריקען מיין באַ־גייסטערונג, פאר אייער וויכטיגער אונטערנעמונג. מען דארף בא־פרייען די אידען פון אלע אונטערדריקונגען, צו וועלכע זיי זיינען אונטערוואָרפען, א דאנק דער אלגעמיינער שנאה און פאראכטונג, וואס הערשט צו זיי. געפינענדיג זיך איצט אין דער ארמיי, גלויב איך אז אזא באציהונג צו זיי שטאמט פון זייער כלומר'שטדיגען בעדראט. זיי זיינען טעטיגע מענשען. זייענדיג א פ״ש־הענדלער קומט מיר אויס די זומערם צו פארברענגען אין נארוועגיען, און פאר־גלייכענדיג די באציהונג פון דעם נארוועג צום אידען מיט דער באציהונג פון דעם רוס, מוז איך זאגען, אז עס איז דא א גרויסער אונטערשיד. לויט מיין מיינונג איז עס ניט בלויז אן אומרעכט, נאר טאקע א גרויסע זינד צו באליידיגען א פאלק, דערפאר, וואס ער איז דער אוואנגארד פון אלעם גוטען.”

איך וויל באמערקען, אז צווישען דער גרופע אנטיסעמיטען געפינט זיך ניט קיין איינציגער ארצט; צווישען די וואס פראטעס־טירען געגען די פארפאלגונגען אויף אידען — זיינען דא דריי דאק־טוירים. אט איז דער בריף פון ארצט סאוויצקי:

„דער וואוקס פון אנטיסעמיטיזם האט א שעדליכע ווירקונג אויף דער קולטורעלער ענטוויקלונג פון רוסישען פאלק, ווייל עס

דערלאָזט ניט קינסטליך איינטייל צו נעמען אין דער קולטורעלער ארבייט א באדייטענדער צאָהל פון טאַלאַנטפולע און געבילדעטע אי־דען..."

„פונקט אזוי שעדליך איז די ווירקונג פון אנטיסעמיטיזם אויף דעם ווירטשאפטליכען וואוקס פון רוסלאנד, ווארים די אויפבליהונג פון האנדעל און אינדוסטריע, וואס איז איינע פון די הויפט באַ־דינגונגען פון דער ווירטשאפטליכער ענטוויקלונג פון א לאנד קען ניט ניט ליידען פון דער רעכטלאָזיגקייט פון א טייל פון דער באפעל־קערונג, גראד פון יענעם טייל, וואס איז אמייסטען אונטערנעמונגס־פעהיג, א רעפוטאציע, וואס אידען האבען שוין פון לאנג און גאנץ פארדינטערהייט..."

און איוואן איוואנאָוו פון פאקראווסקאיא שרייבט:

„עס איז פשוט אן אונזין ניט צו געבען אידען קיין פולבארעכ־טיגונג און פארשפארען זיי אין א קרייז פון דאנטע'ס גיהנום, וואָס ווערט אָנגערופען „דער תחום". יא, אין אמת'ן האָט דאָס רוסישע פאָלק קיינמאָל דאָס ניט פארלאנגט. נאָך שענדליכער איז עס גע־ווען פאר אונז רוסען, צוצוזעהן די מערדערישע פאָגראָמען, וואס די כוליגאנעם האבען געמאכט..."

און ווידעראמאָל הערט זיך פון יאלטע אן איבערצייגענדע שטימע:

„דער אנטיסעמיטיזם וועט אָהן צווייפעל פארהינדערען די גייסטיגע ענטוויקלונג פון רוסישען פאָלק, און ליידען וועט פון אנ־טיסעמיטיזם אויך די ווירטשאפטליכע ענטוויקלונג פון רוסלאַנד. ביי דער אויסערגעוועהנליכער אינטענסיוויטעט פון די אידען, וואלט די רוסישע אינדוסטריע געקענט רייך מאכען דאס לאנד. דער פאקט אליין, וואס די אידען זיינען רעכטלאָז, גראבט אונטער יע־דען צוטרוי צו זיי פון די נידעריגע שיכטען פון פאלק, פונקט אזוי ווי די עהרליכקייט פון יעדען, וואָס איז ארעסטירט, אָדער געשמידט אין קייטען, וועקט אויף צווייפעל."

פ. ט. זאָגט:

„די שווארץ־מאה'דיגע פרעסע האָט פארשפרייט דעם אנטי־סעמיטיזם צווישען דער אינטעליגענץ."

„די שנאה פאהאלט די ענטוויקלונג."

„די אידישע רעכטלאָזיגקייט נעהרט דעם אנטיסעמיטיזם...״

„די רעכטלאָזיגקייט רייצט אויף די אידען אליין.״

„דער איינציגער מיטעל ניט צו דערלאָזען, אז עס זאָל זיך נאָך מעהר צואוואקסען ביי אונז די נאציאנאלע און ראסען שנאה, איז בילדונג און אויפקלערונג פון פאלק...״

„גיט דעם פאָלק א מעגליכקייט, אז ער זאָל זיך קענען גייסטיג ענטוויקלען — און קיין שנאה וועט ניט עקזיסטירען מעהר. איך אורטייל עס לויט זיך אליין, — פריהער האָב איך פאַרהאסט די אידען...״

און א צווייטער ראט:

„ארויסגעבען וואס מעהר בראשורען וועגען פארשידענע פעל־קער און נאַציאנאַליטעטען, און וואס ווייניגער די סטרואווע׳ס, מענשיקאוו׳ס און די אלע איבריגע, וואס צוטומלען די מוחות און רופען ארויס אומצופרידענהייט...״

די זעלבע מיינונג האָט זאַכארין פון פעטראָגראד:

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

איך גלויב, אַז איך האָב פאַרגעבראכט גענוג איבערצייגענדע דאָקומענטען מעגליך, אַז איך האָב געבראכט צופיל, אבער דאס זיי־נען ניט אלע, איך בעט אייך אויסצוהערען נאָך אייניגע ערקלערונ־גען, אָבער שוין אין גאַר אַן אנדערען טאָן.

דער ארבייטער דמיטרי פון לאָזאָוואַיאַ:

„דורכלעזענדיג אין די צייטונגען, אַז די הערען אַנדרעיעוו, גאָרקי און סאָלאָגוב קלייבען זיך ארויסצוגעבען אַ בוך וועגען דעם רוסישען אַנטיסעמיטיזם, וויל איך אייך זאָגען אַ פּאָר ווערטער, וואָס איך טראכט אין אלגעמיין וועגען אַנטיסעמיטיזם. אפילו איצט, ווען די אויגען פון גאַנץ אייראָפּא זיינען געווענדט אויף ווארשע, אויף עלזאַס־לאָטרינגען, אפילו איצט קומט אויס צו רעדען

וועגען אַנטיסעמיטיזם. און וואו? אין רוסלאַנד, וואו די הער־צער פון אידישען פאָלק קלאַפּען צוזאַמען מיט די הערצער פון דעם רוסישע פאָלק, ווען עס קלייבט זיך צו מאַכען אַ פּאָגראָם אויף אידען. איך גלויב ניט, אַז מען דאַרף שטעלען פראַגען דעם רוסי־שען פאָלק; וואָרום, אויף וויפיעל מיר איז באַקאַנט, האָט דאָס מיט'ן רוסישען פאָלק גאָרנישט ניט וואָס צו טאָן. די פראַגען דאַרף מען שטעלען די פּאָגראָמשטשיקעס, די אָפּענע און באַהאַל־טענע..."

ע. סעלעזניאָוו פון כאַרקאָוו איז זעהר אַן אָריגינעלער מענש, ביי איהם איז ענטוויקעלט דאָס געפיהל פון פערזענליכער פאַר־אַנטוואָרטליכקייט פאַר די זינד פון זיין פאָלק — אַ געפיהל וואָס מען טרעפט זעהר זעלטען צווישען רוסישע מענשען.

„מען זאָגט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם ענטוויקעלט זיך אונ־טער'ן איינפלוס פון מערב. דאָס איז ניט אמת, דאָס הייסט, אָפּ־וואשען די אייגענע הענד און אַרויפוואַרפען די שולד אויף אַנדערע. ווייסט, אַז מיר זיינען פונקט אַזוי פיעל שולדיג ווי מערב אייראָ־פּאַ אין דער ענטוויקלונג פון דער שנאה צו די אידען. ווי נידעריג עס איז אליין צו נעהמען אַנטייל אין אַ פאַרברעכען, און דערנאָך אַרויפצוּוואַרפען די שולד אויף אַנדערע..."

שאַרף שרייט איינער:

„קעמפּען דאַרף מען ניט פאַר אידישער גלייכבאַרעכטיגונג, נאָר פאַר דעם רוסישען פּויער, אַז ער זאָל זיין קלוג, ווי דער איד, אַז ער זאָל זיך ניט אָנ'שכור'ן ווי אַ חזיר, זאָל ניט פאַר'מיאוס'ען די גאַס מיט נבול פּה, זאָל זיין אַרבייטזאַם און ניט גלעטען זיך דאָס בייכעל און האָפען אויף נסים.

— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —"

איך וועל פאַרענדיגען מיין פאַרמאַטערנדען רעפּאָרט מיט אַ בריף פון מישוטין און גובאַרעוו פון כאַרקאָוו:

„זעהר געעהרטע שריפטשטעלער, אויב איהר ווילט וויסען וואָס

עס טראכט וועגען די אידען יעדער פשוט'ער, פארשטענדיגער מענש, טאָ שטעלט איהם אזוינע פראגען, אויף וועלכע ער זאָל קענען ענטפערען שטיצענדיג זיך נאָר אויף זיין שכל און זיין נשמה און ניט אויף טויטער וויסענשאפט. ווען איהר זאָלט שטעלען אזוינע פראגען וועט איהר באקומען פיעל ענטפערס און איהר וועט באזיצען א מאטעריאל וואָס וועט אייך זאָגען, וואָס עס טראכטען און פיהלען אלע עהרליכע און פארשטענדיגע רוסישע מענשען..."

„אייער ערשטע ווענדונג לאָזט איבער פאר דער געלערענטער וועלט, און פאר עהרליכע און פארשטענדיגע מענשען דרוקט אנ־דערע פראגען"...

איך גלויב, אז דאָס איז זעהר א קלוגער און זאכליכער פאָר־שלאג.

ווען מיר זאָלען קענען אָננעהמען דעם פאָרשלאג, וואָלטען די רעזולטאטען זיכער געווען זעהר באלעהרענד פאר אונז.

איך ענדיג מיין פאָרטראג מיט איינינע ווערטער פון די זעלבע גובארעוו און מישוטין:

„מען קען ניט האָבען קיין דרך־ארץ פאר דעם אידישען סטאָאיציזם; דורכגעהענדיג דורך יאָהרהונדערטער פון ליידען האָ־בען זיי דאָך באוויזען זיך צו דערהאלטען..."

יאָ. זיי האָבען באוויזען צו דערהאלטען אין זיך די גרויסע קראפט פון חכמים און אָט איז א באווייז דערצו.

אין דעם טאָג, וואָס איך האָב אָנגעהויבען צו ארבייטען אויף דעם רעפעראט, איז צו מיר געקומען א איד, א פילאָזאָף און פאָר־פיהרט מיט מיר א פילאָזאָפישען געשפרעך.

איך בין געווען פארנומען, אויפגערעגט. איך האָב איהם קאלט באגעגענט און געזאָגט, אז אין די דאָזיגע בלוטיגע טעג האָב איך קיין שום אינטערעס ניט אין פילאָזאָפישע פראגען.

ער איז אוועקגעגאנגען.

אין א צוויי טאָג ארום האָב איך באקומען פון איהם א בריף, אין וועלכען ער טיילט מיר מיט, אז זיין פאמיליע איז געבליבען אָהן אַן אָפדאך. אליין איז ער א פליכטלינג און פיהלט טיף די טראגעדיע פון זיין פאָלק און דערביי זאָגט ער:

„נאָר עס איז דאָ עטוואָס העכערעס פון דער אידען־פראגע.

איך פלאַפּעל נישט! איך לעג אַרויף מיין האַנד אויף מיין אידיש צוּאווערהטאָגט הארץ און זאָג: העכער פון טויזענד אידען־פראגען שטעהט די פראגע צו איז די וויסענשאַפט עפּעס רעאַלעס אָדער בלויז אילוזיע"...

„און אין טרערען מורמעל איך שטיל — זיי מיר מוחל מיין ליעב, מיין ליידענד פאָלק."

אין אָט די ווערטער קלינגט דער מוט פון א דענקער־פאָלק, א פאָלק, וואָס האָט געבראַכט אונזער עָרעמען פּלאַנעט אזוי פיעל מחנות פון זיין אונשטערבליכען גייסט, א פאָלק וואָס איז איבער־צייגט, אז אלץ וואָס איז אמת איז גוט, און דאָס גוטע ווערט גע־שאַפען דורך דעם מענשליכען פאַרנונפט.

ניט ווילענדיג קומט אַרויף אויפ'ן געדאַנק, אז שפּינאָזא האָט מזכה געווען דער וועלט מיט זיינע גרויסע ווערק נאָכ'ן פראַנקפור־טער פּאָגראָם. און פול ווערט דאָס הארץ מיט אכטונג צו די וואָס קענען ליבען די וועלט און דינען איהר!

# דער גרויסער מאָמענט.

דאָס רוסישע פאָלק האָט געשלאָסען אַן אייביגען בונד מיט דער פרייהייט. לאָמיר גלויבען, אַז פון אָט דעם בונד וועלען אין אונזער לאַנד, וואָס איז אויסגעמאַטערט אי פיזיש, אי גייסטיג, געבאָרען ווערען נייע שטאַרקע מענשען.

לאָמיר שטאַרק גלויבען, אַז אין׳ם רוסישען מענשען וועלען העל אויפפלאַמען די קרעפטען פון פאַרשטאַנד און ווילען, די קרעפ־טען, וואָס זיינען פאַרלאָשען און דערשטיקט געוואָרען דורך דעם יאָהרענלאַנגען דרוק פון דער פאָליציייאישער אָרדנונג.

נאָר מיר דאַרפען ניט פאַרגעסען, אַז מיר אַלע זיינען מענשען פון דעם נעכטען, און אַז די גרויסע זאַך ווידער אויפצולעבען דאָס לאַנד ליגט אין די הענט פון מענשען, וואָס זיינען דערצויגען גע־וואָרען אונטער די שווערע איינדריקען פון דער פאַרגאַנגענהייט, אין דעם גייסט פון אומצוטרוי איינער צום אַנדערען, פון אומאַכטונג צום חבר און פון העסליכען ענאַאיזם.

מיר זיינען אויפגעוואַקסען געוואָרען אין דער אַטמאָספערע פון „אונטערערדישער טעטיגקייט"; וואָס מיר פלעגען רופען לעגאַלע טעטיגקייט, איז באמת געווען אָדער אַ גלאַנץ אין דער פוסטקייט, אָדער אַ שפּיל אין פאָליטיק פון גרופּען און פערזענליכקייטען, אַ מערדערליכער קאַמף פון מענשען, ביי וועמען דער געפיהל פון זעלבסטווירדע איז דעגענערירט געוואָרען אין אַ קרענקליכער אייגענ־ליבע.

מיר האָבען געלעבט צווישען די העסליכקייטען פונ׳ם אַלטען רעזשים, וואָס האָבען פּשוט די נשמה פאַר׳סמ׳ט, צווישען דער אַנאַרכיע, וואָס דער אַלטער רעזשים האָט אַרויסגעבראַכט, מיר האָבען געזעהן ווי גרעניצלאָז איז די מאַכט פון די אוואַנטוריסטען,

וועלכע האָבען איבער אונז געהערשט, האָבען מיר — נאַטירליך און אומפאַרמיידליך — זיך אָנגעשטעקט מיט אַלע אייגענשאַפ־טען, געוואוינהייטען און מעטאָדען פון די מענשען, וועלכע האָבען אויף אונז געקוקט מיט פאַראַכטונג, מיט שפּאָט.

מיר האָבען ניט געהאַט קיין מיטלען און קיין פּלאַץ צו ענט־וויקלען אין זיך דאָס געפיהל פון פּערזענליכער פאַראַנטוואָרטליכ־קייט פאַר די אומגליקען פונ'ם לאַנד, פאַר זיין שענדליכען לעבען, מיר זיינען פאַר'סמ'ט פונ'ם פגר־סם פון דעם גע'פגר'טען מאָנאַר־כיזם.

די פּובליקירטע רשימות פון די „געהיימע מיטאַרבייטער פון דער אכראַנקע", איז א שענדליכער באַשולדיגונגס־אַקט גע־גען אונז, דאָס איז איינער פון די סמנים פון סאָציאַלער צופאַלונג און צופוילטקייט פונ'ם לאַנד, א דראָהענדער סימן.

עס איז נאָך פאַראַן גענוג שמוץ, ראָסט און סם־המות, דאָס אַלץ וועט ניט אזוי שנעל פאַרשווינדען; די אַלטע אָרדנונג איז צושטערט פיזיש, נאָר גייסטיג בלייבט זי נאָך לעבען אי צווישען אונז, אי אין אונז אליין. די פיעל־קעפּיגע הידראָ פון אומוויסענ־הייט, נאַרישקייט, וואולגאַריטעט און גראָבקייט איז נאָך ניט דער־שלאָגען; זי האָט זיך נאָר דערשראָקען, זיך באַהאַלטען, אָבער האָט ניט פאַרלאָרען די פעהיגקייט אויפצופרעסען לעבעדיגע נשמות.

מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז מיר לעבען צווישען אַ געדיכטער פיעל־מיליאָנענדיגער בירגערליכער מאַסע, וואָס איז פּאָליטיש אומ־וויסענד, סאָציאַל אומערצויגען. מענשען, וועלכע ווייסען ניט, וואָס מען וויל פון זיי, — אַזעלכע מענשען זיינען געפערליך פּאָליטיש און סאָציאַל. די מאַסע פון דער בירגערליכער באַפעלקערונג וועט נאָך אַזוי שנעל ניט ארויף אויף איהרע קלאַסען־וועגען, אויף די ליניעס פון קלאָר־באַגריפענע אינטערעסען, זי וועט זיך נאָך אזוי שנעל ניט אָרגאַניזירען און פעהיג ווערען צום באַוואוסטזיניגען און שאַפענדען סאָציאַלען קאַמף. און דערווייל, ביז זי וועט זיך ניט אָרגאַניזירען, וועט זי שפּייזען מיט איהר מוטנעם און אומגעזונטען זאַפט די פּאַרזעהענישען פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס זיינען גע־שאַפען געוואָרען פון דער פּאָליציייאישער אָרדנונג.

מען וואָלט געקענט אָנצייגען אויף נאָך עטליכע סכנות, וואָס

דראָהען דער נייער אָרדנונג, נאָר וועגען זיי איז נאָך צו פריה צו רעדען.

מיר לעבען דורך א מאָמענט, וואָס איז ביז צום העכסטען גראַד קאָמפּליצירט וואָס פאָדערט די אָנשטרענגונג פון אַלע אונזערע קרעפטען, עקשנות'דיגע ארבייט און זעהר פיעל פאָרזיכטיגקייט. מיר טאָרען ניט פארגעסען די פאַטאַלע טעות'ן פון די יאָהרען 1905־6, — די בעסטיאַלישע גוואלדטאַטען, וואָס זיינען געקומען נאָך יענע טעות'ן האָבען אונז אָפּגעשוואכט אויף א גאנצען צעהנד־ליג יאָהר. אין דעם משך פון אָט דער צייט זיינען מיר פּאָליטיש און סאָציאַל פארדאָרבען געוואָרען, און די מלחמה, וואָס האָט אומ־געבראכט הונדערטער טויזענטער פון דער יוגענד, האָט נאָך מעהר אָפּגעשוואכט אונזערע קרעפטען, ווייל זי האָט אין וואָרצעל צו־פרעסען דאָס עקאָנאָמישע לעבען פונ'ם לאַנד.

דעם דור, וואָס וועט דער ערשטער איבערנעהמען די נייע לע־בענס־אָרדנונג, האָט די פרייהייט געקאָסט זעהר ביליג. אָט דער דור איז קוים באקאנט מיט די שרעקליכע אָנשטרענגונגען פון די מענשען, וואָס האָבען אין א משך פון א גאנצען יאָהרהונדערט שטופּענווייז צושטערט די פינסטערע פעסטונג פון דעם רוסישען מאָנאַרכיזם. דער געוועהנליכער בירגער האָט קיין אהנונג ניט פון יענער גהינום־ארבייט, פון דער אונטערערדישער ארבייט, וואָס איז פאַר איהם געטון געוואָרען, — אָט די קאַטאָרזשנע פּראַצע איז אומבאקאנט ניט נאָר אליין דעם בירגערליכען איינוואוינער פון די צעהנהונדערט אויעזד־שטעדט פון רוסלאַנד.

מיר קלייבען זיך, מיר זיינען פאַרפּליכטעט צו בויען דאָס נייע לעבען אויף די יסודות, וועגען וועלכע מיר האָבען פון לאַנג שוין געטרוימט. מיר באגרייפען אָט די יסודות מיט'ן שכל, זיי זיינען אונז באקאנט אין דער טעאָריע, נאָר זיי פעהלען נאָך אין אונזער אינסטינקט, און אונז וועט שרעקליך שווער אָנקומען זיי אריינ־פיהרען אין דעם פּראקטישען לעבען, אין דעם אַלטמאָדישען רוסי־שען לעבען. אונז וועט דאָס ספּעציעל אָנקומען שווער, ווייל מיר, ווידערהאָל איך, זיינען א פאָלק אינגאנצען סאָציאַל אומענטוויקעלט, און אויך אונזער בורזשואַזיע, וואָס קומט איצטער צו מאַכט, איז

פונקט אזוי ווינציג ענטוויקעלט סאָציאַל. מען טאָר ניט פארגעסען, אז די בורזשואזיע נעהמט אין איהרע הענט ניט קיין רעגירונג, נאָר חורבות פון א רעגירונג, זי נעהמט איבער אָט די כאָאָטישע חורבות אונטער באדינגונגען, וואָס זיינען פיעל שווערער, ווי די פון 1905־6־טען יאָר. צו וועט זי פארשטעהן, אז איהר ארבייט וועט זיין ער־פאָלגרייך נאָר אין פאַל פון אייניגונג מיט דער דעמאָקראַטיע, אז די באפעסטיגטע פּאָזיציעס, וועלכע מען האָט צוגענומען ביי דער אַלטער מאכט, וועלען ניט האָבען קיין האפט אונטער אַנדערע באַ־דינגונגען? ס'איז קיין ספק ניט, אז די בורזשואזיע מוז אוועק רעכטס, נאָר דערמיט טאָר מען זיך ניט איילען, כדי ניט ווידער־האָלען די טרויעריגע גרייזען פונ'ם יאָר 1906.

און ווידער, פון איהר זייט, מוז די רעוואָלוציאָנערע דעמאָ־קראַטיע ארייגזאפּען און דערפיהלען די אַלגעמיין־שטאאַטליכע אויפגאַבען, די נויטוועגדיגקייט צו נעהמען א טעטיגען אַנטייל אין דער אָרגאַניזירונג פון די עקאָנאָמישע קרעפטען פונ'ם לאַנד, אין דער ענטוויקלונג פון דער פּראָדוקטיוויטעטס־ענערגיע פון רוס־לאַנד, אין דער באוואכונג פון איהר פרייהייט געגען אינערליכע און אויסערליכע סכנות.

נאָר איין שלאַכט איז געוואונען געוואָרען — די פּאָליטישע מאכט איז ערקאָבערט געוואָרען. אונז שטעהט נאָך פאָר צו געווינען פיעל שווערערע שלאַכטען, און, פריהער פון אלץ, מוזען מיר מנצח זיין אונזערע אייגענע אילוזיעס.

מיר האָבען געשטירצט די אַלטע מאכט, נאָר דאָס האָט זיך אונז איינגעגעבען ניט ווייל מיר זיינען א קראפט, נאָר ווייל די מאכט, וואָס האָט אונז צופרעסען, איז אַליין דורך און דורך צו־פוילט געווען און איז צופאלען געוואָרען ביים ערשטען ענערגישען שטויס. דער פאקט אליין, אז מיר האָבען זיך אזוי לאַנג ניט גע־קענט באשליסען צו געבען אָט דעם שטויס, זעהענדיג, ווי דאָס לאַנד ווערט חרוב ונחרב, פיהלענדיג, ווי מען פארגוואלטיגט אונז, בלויז שוין אָט דער גרויסער געדולד אונזערער רעדט ווענען אונזער שוואכקייט.

די אויפגאבע פונ'ם מאָמענט איז, וואָס שטאַרקער צו באַ־

פעסטיגען די פארבאפטע פאזיציעס. דערגרייכען וועט מען דאס נאר דורך דער פאראייניגונג פון אלע קרעפטען, וועלכע זיינען פעהיג צו דער ארבייט פון פאליטישער, עקאנאמישער און גייסטיגער אויפלעבונג פון רוסלאנד.

דער בעסטער וועקער פון געזונטען ווילען און די זיכערסטע מעטאדע פון ריכטיגער זעלבסט־אפשאצונג איז דער מוטיגער באוואוסטזיין פון די אייגענע חסרונות.

די יאהרען פון קאמף געגען דער שרעקליכער ווירקליכקייט האבען אונז געציינט, ווי אוממעכטיג מיר זיינען קולטורעל, ווי שוואך מיר זיינען ארגאניזירט. די ארגאניזירונג פון די שעפפערישע קרעפטען פונ׳ם לאנד זיינען פאר אונז אזוי נויטיג, ווי ברויט און לופט.

מיר זיינען הונגעריג אויף פרייהייט און, ביי דער נייגונג צום אנארכיזם, וואס איז אונז אזוי אייגענטימליך, קענען מיר לייכט אויפפרעסען די פרייהייט.

אונז דראהען א סך סכנות. באזייטיגען זיי און באזיגען איז מעגליך נאר דורך א רוהיגער און ענערגישער ארבייט צו באפעסטיגען די נייע ארדנונג.

די טייערסטע שעפפערישע קראפט איז דער מענש: וואס מעהר ענטוויקעלט ער איז גייסטיג, וואס בעסער ער איז באוואפענט מיט טעכנישע ידיעות, אלץ שטארקער און קאסטבארער איז זיין ארבייט, אלץ מעהר קולטורעל איז ער. אבער מיר זיינען נאך ווייט דערפון, — אונזער בורזשואזיע שענקט ניט די נויטיגע אויפמערקזאמקייט אויף דער ענטוויקלונג פון דער פראדוקטיוויטעט פון ארבייט, דער מענש איז פאר איהר נאך אלץ, ווי א פערד, נאר דער קוואל פון גראבער פיזישער קראפט.

די אינטערעסען פון אלע מענשען האבען אן אלגעמיינעם באדען, וואו זיי זיינען סאלידאר, ניט קוקענדיג אויף דעם אומפארמיידליכען ווידערשפרוך פון די קלאסען־רייבונגען: אט דער באדען איז די ענטוויקלונג און אנזאמלונג פין וויסען. וויסען איז א נויטיגער מיטעל אין דעם קאמף צווישען די קלאסען, וואס איז אזוי

אומצושיידבאַר פון דער היינטיגער אָרדנונג, און הגם ער, דער קאַמף, איז אַ טראַגישער מאָמענט אין דער איצטיגער עפּאָכע, איז ער דאָך אַ קראַפט אין דער קולטור־פּאָליטישער ענטוויקלונג; וויסען — דאָס איז אַ קראַפט, וואָס מוז סוף כל סוף פיהרען דעם מענשען צום זיג איבער די סטיכישע קרעפטען פון דער נאַטור, צו דער באַהערשונג פון אָט די קרעפטען אין די אַלגעמיין־קולטורעלע אינטערעסען פון דעם מענשען, פון דער מענשהייט.

דאָס וויסען מוז דעמאָקראַטיזירט ווערען, עס מוז ווערען נאַציאָנאַל. דאָס וויסען אליין איז דער קוואַל פון פּרוכטבאַרער אַרבייט, דער יסוד פון קולטור; עס וועט אונז באַוואָפענען מיט באַוואוסטזיין, וועט אונז העלפען ריכטיג אָפּצושאַצען אונזערע קרעפטען, די פּראָבלעמען פונ׳ם מאָמענט און אָנצייגען אונז דעם ברייטען וועג צו ווייטערע נצחונות.

אַם מעהרסטען פּראָדוקטיוו איז די רוהיגע אַרבייט.

די קראַפט וואָס האָט דעם גאַנצען לעבען מיך געהאַלטען און האַלט מיך איצט אויף דער וועלט, איז געווען און איז אויך איצטער מיין גלויבען אינ׳ם מענשליכען פאַרשטאַנד. ביז דעם היינטיגען טאָג איז די רוסישע רעוואָלוציע אין מיינע אויגען אַ קייט פון גלענצענדע און פרעהליכע ערשיינונגען פון פאַרנונפט. אַ ספּעציעל קרעפטיגע ערשיינונג פון רוהיגער פאַרנונפטיגקייט איז געווען דער 23טער מערץ, דער טאָג פון דער לויה אויפ׳ן מאַרס פעלד.

אין אָט דער פאָלקס־דעמאָנסטראַציע פון הונדערטער טויזענטער מענשען האָט מען צום ערשטען מאָל און כמעט ממשות דערפיהלט — יאָ, דאָס רוסישע פאָלק האָט געמאַכט די רעוואָלוציע, עס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים און צוגעשטאַנען צו דער גרויסער זאַך פון דער וועלט — צו דער בויאונג פון נייע און מעהר פרייהייטליכע לעבענס־פאָרמען!

עס איז אַ גרויס גליק צו דערלעבען אַזאַ טאָג!

און מיט׳ן גאַנצען הארצען ווינש איך דעם רוסישען פאָלק אַזוי רוהיג און קרעפטיג געהן אַלץ פאָרויערטס, ווייטער און העכער צום גרויסען יום־טוב פון דער אַלוועלטליכער פרייהייט, פון אַלמענשליכער גלייכהייט און ברידערליכקייט!

.1917

# ביכער־סם.

נאָך אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע האָבען עפּעס חוצפּה'ניקעס ארויסגעוואָרפען אין גאס גאנצע בערג שמוציגע בראָשורען, עקעלהאפטע דערצעהלונגען אויף די טעמעס: „אויס דעם לעבען אין די קייזערליכע פּאַלאַצען". אין אָט די בראָשורען ווערט דערצעהלט וועגען דער „זעלבסטהערשענדער אליסא", וועגען דעם „אויסגעלאסענעם גרישקא'ן, וועגען ווירובאָווא'ן און אנדערע פיגורען פון דער פינסטערער פארגאנגענהייט.

איך וויל דאָ ניט איבערגעבען דעם אינהאַלט פון אָט די בראָשורען, — ער איז אומגעהייער שמוציג, נאריש און אויסגעלאסען. נאָר מיט אָט דער בלאָטע, מיט אָט דעם סם שפּייזט זיך די יוגענד, אָט די בראָשורקעס ווערען פּשוט פארצוקערט אויף נעווסקי און אין די פאָרשטעדטלאָך. געגען אָט דעם סם מוז מען קעמפען, איך ווייס ניט אקוראט, ווי אזוי — מען מוז קעמפען ספּעציעל דערפאר, ווייל אויף דעם ביכער־מארק זיינען פאראן זעהר ווייניג אויסגאבען, וואָס זאָלען זיין צוגעפּאסט צום מאָמענט.

די שמוציגע „ליטעראטור" איז ספּעציעל שעדליך, איז ספּעציעל אָנשטעקענד גראָד איצטער, בעת אין די מענשען זיינען דערוועקט אַלע פינסטערע אינסטינקטען און עס זיינען נאָך ניט אָפּגעשוואכט געוואָרען די געפיהלען פון ענטריסטונג, פון באליידיגונג, — געפיהלען, וואָס דערוועקען נקמה. מיר מוזען געדענקען, אז מיר לעבען דורך ניט נאָר אַן עקאָנאָמישען חורבן, נאָר אויך אַ סאָציאַלע צופאַלונג, וואָס קומט שטענדיג אין אומפארמיידליך אויפ'ן כאָדען פון עקאָנאָמישען חורבן.

אמת, — אַ טייל פון דער שולד, וואָס מיר זיינען שוואך און אומבאגאבט, האָבען מיר אַ רעכט ארויפצולעגען אויף יענע כחות, וועלכע האָבען שטענדיג געשטרעבט אונז צו האַלטען ווייט פון יעדען לעבעדיגען אנטייל אין דער געזעלשאפטליכער אויפבויאונג. אמת, אז רוסלאנד האָבען ערצויגען און ערציהען נאָך איצטער פעדאגאָגען, פּאָליטיש נאָך ווינציגער באגאבט פון אונזער אַ געוועהנ־

ליכען בירגער. עס איז אויך אמת, אַז אונזער יעדער פאַרזוך צו זעלבסטשטענדיגקייט האָט באַגעגענט אַן עקעלהאַפטען ווידערשטאַנד פון דער קרענקליך עגאָאיסטישער רעגירונגס־מאַכט, וואָס איז שטענדיג געווען פאַרנומען מיט דער באַוואַכונג פון איהר לאַגע אין לאַנד. דאָס אַלץ איז אמת, פונדעסטוועגען דאַרף מען זיך ניט שרעקען פאַר'ן אמת און זאָגען, אַז אונז אַליין טאַקע קומט אויך ניט קיין קניפּ אין בעקעל. וואו, ווען און אין וואָס האָט, אין די לעצטע יאָהרען פון שרעקליכען שפּאָט איבער'ן רוסישען פאָלק אלס גאַנצעס, — איבער זיין פאַרשטאַנד, ווילען און געוויסען, — די רוסישע געזעלשאַפט ארויסגעצייגט איהר ווידערשטאַנד צו די שלעכטע און פינסטערע קרעפטען פונ'ם לעבען? אין וואָס האָט זיך ארויסגעצייגט איהר בירגערליכער באַוואוסטזיין, וואָס איז אַזוי כוליגאַניש אונטערדריקט געוואָרען פון יעדען, וועלכער האָט נאָר געהאַט די מאַכט דאַרויף? און אין וואָס, אחוץ מליצות און גלייכווערטלאַך, האָט זיך אויסגעדריקט אונזער באַליידיגט געפיהל פון פערזענליכער ווירדע?

ניין, מען מוז וויסען דעם אמת: מאָראַליש זיינען מיר ניט וועניגער שוואַך, ווי די כחות, וואָס זיינען געגען אונז.

מיר לעבען אין צייטען פון גוואַלדיגע געשעהענישען, וועמעס טיעפקייט מיר קענען גאָר ניט באַגרייפען; דער טראַגיזם פון דער צייט פיהלט זיך אפילו ניט; ווינציגער פון אַלץ דאַרף מען אָט איצטער זיך פאַרטראַכטען אויף קרימינעלע אַוואַנטורעס, מעגען זיי אויסערליך זיין ווי אינטערעסאַנט. עס איז גאַנץ וואַהרשיינליך, אַז מיר דאַרפען זיין גרייט נאָך אויפנעהמען ניט איין עהנליכע אַוואַנטורע, נאָר מען טאָר אָבער ניט פאַרגעסען, אַז דאָס פאַרברעכען אַן און פאַר זיך איז ניט אַזוי וויכטיג, ווי זיין ערציהערישע, סאָציאַל־פּעדאַגאָגישע קראַפט.

די געשיכטע ערציהט די גייסטיג־געזונטע מענשען און פאַרניכטעט די קראַנקע: אַ סקאַנדאַל קען פאַרדאַרבען די ערשטע און נאָך מעהר פאַרקריפּלען די וועלט־אַנשויאונג פון די צווייטע. צווישען אונז זיינען פאַראַן זעהר אַ סך מענשען, וואָס זיינען גייסטיג קראַנק, — די געשעהענישען דראָהען צו פאַרגרעסערען זייער צאָהל.

אַ מעסער, אַ רעוואָלווער און זייער גלייכען זיינען נאָר נויטיגע נעגענשטאנדען אין אַ מעלאָדראַמע, ניט דערמיט ווערט דאָס נאָר־מאָלע לעבען געשאַפען, און ס'איז שוין צייט צו פארשטעהן, אַז צווישען געשיכטע און סקאַנדאל, — ווי שרייענד ער זאָל ניט זיין, — איז ניטאָ קיין שום שייכות.

די שרעקליכסטע מענשען זיינען די, וועלכע ווייסען ניט, וואָס זיי ווילען, און דערפאר מוזען מיר אָנווענדען אונזער גאנצען ווילען אויף אויסצואַרבייטען קלאָרע פארלאנגען. אונז שטעהט פאָר דורכצופיהרען אַ היסטאָרישען טאַט, און יעדער היסטאָרישער טאַט פאָדערט די קאָנצענטרירונג פון ווילען.

קען מען זיך דען פארטיפען אין שמוציגע בולוואַר־ראָמאַנען, בעת אַרום אונז אויף דער וועלט קומט פאָר אַ שרעקליכע טראַ־געדיע! אַלע שטאַרקע קרעפטען פון דער וועלט־געשיכטע זיינען איצטער אין באַוועגונג, אַלע מענשען־בעסטיעס האָבען זיך אָפּגע־ריסען פון די קייטען פון קולטור, האָבען צוריסען אויף זיך איהרע דינגע בגדים און געבליבען שענדליך נאַקעט, — אָט די ערשיינונג, פונקט ווי אַ קאַטאַסטראָפע צוטרייסעלט די סאָציאַלע באַציהונגען ביז דעם פונדאַמענט. און מען מוז ארויסרופען צום ווירקליכען לעבען דעם בעסטען פארשטאַנד, דעם גאַנצען ווילען, כדי צו פאַר־ריכטען די רעזולטאַטען פון אונזער טראַגישער נאַכלעסיגקייט צו זיך אַליין, אַ נאַכלעסיגקייט, וואָס האָט געשאַפען דעם טראַגישען טעות.

די מענשהייט האָט אין אַ משך פון יאָהרהונדערטע געהאָרע־וועט צו באַשאַפען ערטרעגליכע באַדינגונגען פון לעבען ניט צוליעב דעם כדי צו פארניכטען דאָס אַלץ אינ'ם צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט.

מיר מוזען פון אָט די אַלע ווילדע געשעהענישען זיך אָפּ־לערנען אַ מוסר־השכל, אַז אַלץ, וואָס מען רופט מזל, שיקזאַל איז ניט מעהר, ווי אַ רעזולטאַט פון אונזער אומבאַגרייפליכקייט, פון אונזער אומצוטרויען צו זיך אַליין; מיר דאַרפען וויסען, אַז אַלץ, וואָס ווערט געשאַפען אויף דער וועלט, ווערט געשאַפען דורך איהר איינציגען באַלעבאָס און אַרבייטער — דורך דעם מענשען.

.1917

# שיקט ניט די קינסטלער אין קריעג!

27טען אפריל.

דער באַטאַליאָן־קאָמיטעט פון איזמאַילאָווער פּאָלק האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטען אויף'ן באשלוס פונ'ם ראט פון די סאָל־דאטען־דעפּוטאטען מכח דער פראגע צו שיקען צום פראָנט ארטיס־טען, קינסטלער און מוזיקער. ער שיקט ארוים אין די טראַנשעען דריי־און־פערציג ארטיסטען, צווישען וועלכע עס געפינען זיך הויך באגאבטע קולטור־נוצליכע מענשען.

אָט די אַלע מענשען זיינען ניט באהאווענט אין תכסיסי־מלחמה, האָבען קיינמאָל ניט געלערענט די תורה פון קריג. ערשט היינט פיהרט מען זיי צום ערשטען מאָל ארויס צו לערנען שיסען, און מיטוואָך דארפען זיי שוין אָפּפאָהרען. אויף אזא'ן אופן ווע־לען אָט די נוצליכע מענשען אוועק צו דער שחיטה, ניט קענענדיג זיך אפילו פארטיידיגען.

איך ווייס ניט פון וועמען עס באשטעהט דער באטאליאָן־קאָמיטעט פונ'ם איזמאַילאָווער פּאָלק, נאָר איך בין איבערצייגט, אז די מענשען באגרייפען ניט, וואָס זיי טוען.

ווייל שיקען אויף דעם שלאכט־פעלד טאַלאַנטפולע קינסטלער איז פונקט אזא אויסבערענגעריי און נארישקייט ווי קאָווען א גע־וועהנליך משא־פערד מיט גילדענע פּאָדקאָוועס. און שיקען ניט קיין געאיבטע אין דער מיליטער־קונסט, איז שוין פשוט א טויט־אורטייל פאר אומשולדיגע מענשען. פאר אזא באציהונג צום מענ־שען פלוכען מיר די צארישע מאכט, טאקע דערפאר האָבען מיר זי נעשטירצט.

די דעמאַגאָגען און לאַקייען פונ'ם המון וועלען זיכער א געשריי טאָן צו מיר:

— און גלייכהייט?

זיכער, דאָס האָב איך ניט פארגעסען. איך האָב אויך גענוג קרעפטען פארלאָרען, כדי צו באווייזען, אז מענשען נויטיגען זיך אין פּאָליטישער און עקאָנאָמישער גלייכהייט. איך ווייס, אז נאָר אונטער אָט די גלייכהייטען וועט דער מענש באקומען די מעגליכ־קייט צו ווערען אָרענטליכער, בעסער, מענשליכער. די רעוואָלוציע

האט מען געמאכט צוליעב דעם, כדי דעם מענשען זאל ווערען גרינגער, כדי ער אליין זאל ווערען בעסער.

נאר איך מוז זאגען, אז ביי מיר איז דער שרייבער לעוו טאל־סטאי אדער דער מוזיקער סערגעי ראכמאנינאוו, פונקט אזוי ווי יעדער טאלאנטפולער מענש, ניט גלייך מיט'ן באטאליאן־קאמיטעט פון די איזמאילאווער.

ווען טאלסטאי אליין וואלט דערפיהלט א פארלאנג ארייג־צושיסען עמיצען א קויל אין שטערן אדער עמיצען ארייגשטעכען א שפיז אין בויך, — דעמאלט, פארשטעהט זיך, וואלט דער טייוועל נעלאכט, אידיאטען וואלטען זיך געשמאלצען פאר נחת צוזאמען מיט'ן טייוועל, אבער מענשען, פאר וועמען טאלאנט איז א וואונ־דערבארע מתנה פון דער נאטור, דער יסוד פון קולטור, דער שטאלץ פון לאנד, — אט די מענשען וועלען ווידער זיך באוואשען מיט בלוט און ניט מיט קיין טרערען.

ניין, מיט מיין גאנצען הארצען פראטעסטיר איך געגען דעם, אז מען זאל טאלאנטפולע מענשען פארוואנדלען אין שלעכטע סאל־דאטען.

איך ווענד זיך צום ראט פון די סאלדאטען־דעפוטאטען און פרעג איהם: רעכענט ער פאר ריכטיג דעם באשלוס פון דעם בא־טאליאן־קאמיטעט פון דעם איזמאילאווער פאלק? איז ער איינ־שטימיג דערמיט, אז רוסלאנד דארף ארייגווארפען אין דעם אומ־ערזעטליכען פיסק פון דער מלחמה די בעסטע טיילען פון איהר הארץ, — איהרע קינסטלער, די טאלאנטפולע מענשען?

און — פון וואס וועלען מיר לעבען, ווען מיר'ן פארטאכלעווען די בעסטע מחות?

1917.

## ניט ווערטער, נאר טאטען!

ניט לאנג צוריק האט עפעס א ראמאנען־שרייבער א וויין גע־טאן דארויף, וואס עס פעהלט ראמאנטיזם אין דער רוסישער רע־וואלוציע, וואס זי האט ניט באשאפען קיין טערואן דע־מעריקור, ניט ארויסגערוקט קיין העלדען, קיין גלענצענדע מענשען.

מילא, א טערואן האָט, וואַרשיינליך, זיך ניט באַוויזען, ווייל מיר האָבען ניט געשטורעמט קיין באַסטיל, נאָר ווען מיר זאָלען דאָס יאָ געוועזען טאָן, — גלויב איך, אַז צווישען די 50 טויזענט פעטראָ־גראַדער „מיידלאַך פאַר פאַרגעניגען" וואָלטען זיך יאָ געפונען העל־דינען. נאָר, בכלל רעדענדיג, זיינען ביי אונז געווען ווינציג העל־דען, ווען מען זאָל ניט רעכענען יענע, וואָס מיר האָבען אַליין אומ־געלונגען אויסגעטראַכט — סוסאַנינען, דעם סוחר איגאָלניקען, דעם סאָלדאַט — דעם רעטער פון פעטער דעם גרויסען, קוזמאַ קרוטש־קאָווען און אַנדערע העלדען פון פּיזישער טאַט, אַזוי צו זאָגען.

פּאָלעמיזירענדיג, קען מען פאַרשטעהט זיך פאַרגעסען די גייסטיגע העלדען, מענשען, וואָס האָבען אינ'ם משך פון זייער גאַנ־צען לעבען דורך זייערע גרויסע עקשנות'דיגע העלטען־טאַטען, ענדליך אַרויסגעפיהרט רוסלאַנד פונ'ם פאַר'כשופ'טען רייך פון רעכטלאָזיג־קייט און גוואַלט.

נאָר איך גלויב, אַז דער ראָמאַנטיזם איז נאָך, פונדעסטוועגען, ניט אויסגעטריקענט און ראָמאַנטיקער לעבען נאָך, אויב מינ'ן נאָמען ראָמאַנטיקער קענען מיר באַעהרען — אָדער אפשר באַליי־דיגען ? — אַ מענשען, וואָס איז היים פאַרליבט אין זיין אידעע, אין זיין וויזיאָן.

ערשט צוריק מיט עטליכע טעג האָט טאַקע אַזאַ מין ראָמאַנ־טיקער, — אַ פויער פון פערמער גובערניע, — מיר צוגעשיקט אַ בריף, אין וועלכען די פאָלגענדע שורות האָבען מיך זעהר געריהרט :

„יאָ, ניט יעדער קען פאַרטראָגען דעם אמת, אמאָל איז ער אַזוי שווער, אַז עס איז אַ שרעק איבערצובלייבען מיט איהם אויג אויף אויג. פאַלט דען ניט אָן אַ פּחד, ווען דו זעהסט, אַז די גרויסע, הייליגע פאָהן פון סאָציאַליזם פאַרכאַפּט מען מיט שמור־ציגע הענט, צוליב קעשענע־אינטערעסען ?... דאָס פויערטום, וואָס איז אַזוי גיהריג נאָך אייגענטום, וועט קריגען לאַנד און זיך אָפּ־ווענדען, צורייסענדיג אויף אָניטשעס די פאָהן פון זשעליאַבאָוו'ען, פון ברעשקאָווסקאַיאַ.

„אַ פּאַרטיי־טוער, אַ סטודענט ס.־ד., ערקלערט עפענטליך, אַז ער קען איצט ניט אַרבייטען אין דער פּאַרטיי, ווייל אויף אַ שטעלע

קריגט ער 350 רובעל, און די פארטיי וועט איהם אפילו ניט באַ־צאָלען קיין 250 רובעל. א הונדערטער וואָלט ער שוין אפשר אראָפּ־געלאָזט צוליב דעם „אמאָליגען" אידעאַליזם...

„די סאָלדאטען שטעלען זיך גערן אונטער דער פאָהן פון „שלום פאר דער גאנצער וועלט", נאָר זיי טוען דאָס ניט צוליב דער אידעע פון אינטערנאציאָנאַלער דעמאָקראטיע, נאָר צוליב די אינטערעסען פון זייער אייגענער פעל: צוליב דער אויפהאַלטונג פון זייער פערזענליכען לעבען, צוליב דעם ערוואַרטעטען פערזענ־ליכען וואוילטאָג.

„איך געדענק גוט מיין אייגענע שטימונג, בעת איך, א זיבעצעהן־יאָהריגער בחור'על, וואָס האָט געפיהרט דעם אקער אונטער די ברענענדיגע שטראַהלען פון דער זון, האָב דערזעהן פארבייגעהן א שרייבער, דעם גלח אָדער דעם לעהרער איז מיר שטענדיג ארויף די פראַגע: „פאַרוואָס מוז איך ארבייטען און אָט די מענשען לעבען אין וואוילטאָג?" ווייל דעמאָלט האָב איך אָנערקענט אלס אר־בייט נאָר פיזישע ארבייט, און מיט אַלע מיינע כחות האָב איך געשטרעבט זיך צו באפרייען פון אָט דער ארבייט. דאָס זעלביגע זעה איך היינט ביי א סך מענשען, וואָס טרעטען אזוי גערן אריין אין די סאָציאַליסטישע פארטייען. ווען איך זעה אָט די „סאָציאַ־ליסטען" גלוסט זיך מיר וויינען, ווייל איך וויל זיין א סאָציאַליסט ניט נאָר אין ווערטער נאָר אין טאַט.

„מיר נויטיגען זיך אין פיהרער, וואָס זאָלען ניט מורא האָבען צו זאָגען דעם אמת אין די אויגען. און ווען די סאָציאַליסטישע פרעסע וואָלט אראָפּגעריסען די מאסקע ניט נאָר פון דער בור־זשואזיע, נאָר אויך פון די, וואָס ווערען פון איהר געפיהרט, וואָלט זי שפּעטער דערפון א סך געוואונען. מען דאַרף זיין שטרענג און אומדערבאַרעמדיג ניט נאָר צו געגנער, נאָר אויך צו פריינד. די ביבעל זאָגט: מוסר דעם חכם, וועט ער דיך ליב באקומען".

אָט דאָס איז די שטימע פון אן אומצווייפעלהאפטען ראָמאַנ־טיקער, די שטימע פון א מענשען, וואָס פיהלט די אָרגאַניזירענדע קראַפט פון אמת און האָט ליב איהר נשמה־לייטערענדען פייער.

# דאָס פרייע וואָרט.

גאַנץ ווארשיינליך, אַז מיינע געדאַנקען זיינען „נאאיוו“. איך האָב שוין געזאָגט, אַז איך רעכען זיך פאַר אַ שלעכטען פובליציסט, נאָר פונדעסטוועגען וועל איך מיט עקשנות, וואָס וואָלט אפשר צונויץ געקומען אויף אַ בעסערער זאַך, „ווייטער פאַרזעצען מיין ליניע“ גאָר אָהן פחד טאָמער וועט מיין „קול“ בלייבען אַ „קול קורא במדבר“ און דערצו ניט אין קיין וויסטע.

פון ביכער־מארק איז כמעט גענצליך פארשוואונדען דאָס גוטע אָרענטליכע בוך — דאָס בעסטע געוועהר פון דער קולטור. פאַר וואָס דאָס איז פארשוואונדען — וועגען דעם וועל איך שרייבען אַן אנדערש מאָל. ס'איז ניטאָ קיין אינטעליגענט, אָביעקטיוו־באַ־לעהרענד בוך און עס האָבען זיך פארמעהרט אַ מענגע צייטונגען, וועלכע לערנען די מענשען שנאה און קנאה, וואָס טרייבען רכילות, שלעפּען זיך ארום אין דער וואולגארסטער בלאָטע, רעוועז, קריצען מיט די צייהן, כלומר'שט ארבייטענדיג איבער דער פראגע: ווער איז שולדיג אין רוסלאַנד'ס חורבן?

זעלבסטפארשטענדליך, איז יעדער פון די דעבאטאנטען טיף איבערצייגט, אַז אַלע זיינע געגנער זיינען שולדיג, און גערעכט איז ער נאָר אליין, ער אַליין האָט געכאַפּט, אין זיינע הענט ווארפט זיך דאָס וואונדערבארע פויגעלע, וואָס מען רופט אמת.

איינקלאַמערענדיג זיך איינער אינ'ם צווייטען, וואלגערען זיך די צייטונגען אין די גאַסען ווי אַ קנויל פון גיפטיגע שלאַנגען, פאַר'סמ'ען און דערשרעקען דעם געוועהנליכען בירגער מיט זייער בייזען שיפּען, לערנען איהם, וואָס עס הייסט „פרייהייט פון וואָרט“ — ריכטיגער געזאָגט, די פרייהייט צו פארדארבען דעם אמת, די פרייהייט פון רכילות.

„דאָס פרייע וואָרט“ ווערט צוביסלאַך אַן אומאנשטענדיג וואָרט. אמת, אין קאַמף האָט יעדער דאָס רעכט צו שלאָגען מיט וואָס ער קען און וואו עס מאַכט זיך: אמת, — „פּאָליטיק איז אַ שאַנדלאָזער עסק“ און „דער בעסטער פּאָליטיקער איז יענער מענש, וואָס איז מעהר געוויסענלאָז“, — נאָר, אַנערקענענדיג דעם הער־

ליבען אמת פון אַט דער זולוסען־מאַראַל, — פאַלט אויף דיר אַן עפּעס א בענקעניש, עפּעס א מאַטערענדע אומרוהיגקייט פאַר׳ן גורל פון דער יונגער רוסלאַנד, וואָס האָט נאָר וואָס זוכה געווען צו פרייהייט!

ס׳אַרא סם עס פליסט און צושפּריצט זיך פון יענעם העסליכען פאַפּיר, אויף וועלכען עס ווערען געדרוקט צייטונגען!

א לאַנגע צייט האָט דער רוס מתפלל געווען צו זיין גאָט: „עפען אויף די לעפצען מיינע!" עס האָבען זיך געעפענט די לעפּ־צען און אַהן אַן אָפּהאַלט שפּייען זיי ארויס רייד פון האַס, ליגען און צביעות, רייד פון קנאה און גיהריגקייט. וואָלט כאָטש ליידענ־שאַפט געווען אין דעם, ליידענשאַפט און ליבע, נאָר עס פיהלט זיך ניט קיין ליבע, קיין ליידענשאַפט. עס פיהלט זיך נאָר איין — עקשנות׳דיגע און — מען דאַרף זאָגען — אַן ערפאָלגרייכע שטרע־בונג פון די פּריווילעגירטע קלאַסען, צו איזאָלירען די דעמאָקראַטיע, ארויפוואַרפען אויף איהר קאָפּ אַלע גרייזען פון דער פאַרגאַנגענ־הייט, אַלע חטאים, אוועקשטעלען די דעמאָקראַטיע אונטער אַזעל־כע באַדינגונגען, וועלכע וואָלטען זי געצוואונגען פאַרגרעסערען די גרייזען און זינד.

דאָס איז זעהר געשיקט פאַרטראַכט און עס ווערט ניט שלעכט דורכגעפיהרט. עס איז גאַנץ קלאָר, אַז ווען מען שרייבט „באָלשעוויק" מיינט מען — דעמאָקראַט, און ניט ווינציגער קלאָר איז, דאָס אויב מען רודפ׳ט היינט די באָלשעוויקעס פאַר זייער טעאָרעטישען מאַקסימאַליזם, וועט מען מאָרגען רודפ׳ן די מענשע־וויקעס דערפאַר, וואָס זיי זיינען סאָציאַליסטען, און איבערמאָרגען וועט מען אויסעסען די גאַל דער „יעדינסטוואָ"*) דערפאַר, וואָס זיי באַציהען זיך ניט גענוג לאָיאַל צו די הייליגע אינטערעסען פון „רעכטדענקענדע מענשען". די דעמאָקראַטיע טאָר ניט בלייבען קיין אומבאַריהרבאַר הייליגטום, — דאָס רעכט פון קריטיק, דאָס רעכט צו טאַדלען מוז אויסגעברייט ווערען אויך אויף איהר, דאָס

*) די צייטונג פון די מעסיגסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, פּלעכאַ־נאָוו׳ס ריכטונג.

ליגט אויסער ויכוחים. נאָר הגם די ראשי תיבת פון קריטיק און רכילות זיינען נאָהענטע שכנים, איז, פונדעסטוועגן צווישען אַט די צוויי באגריפען א גוואלדיגער מהלך. עס איז פּשוט מאָדנע, וואָס א סך מענשען, וועלכע קענען יא ארייַנקוקען אין די קליינע אותיות, קענען ניט פאַרשטעהן דעם חלוק צווישען אַט די באַגריפען. יאָ, זיכער אייניגע פיהרער פון דער דעמאָקראַטיע קלינגען אין גלעקער, הגם זיי ווייסען ניט וואו איין און וואו אויס, נאָר מען דארף אָבער ניט פאַרגעסען, אז די פיהרער פון די פּריוויליגירטע קלאסען ענטפּערן אויף אַט די גרייזען מיט דעם „איטאליענישען" סטרייק פון אומטעטיגקייט, וואָס פאַרדארבט אזוי דאָס לאנד, וואָס יאָגט אָן אזא פּחד אויף דעם געוועהנליכען בירגער, א פּחד, וועלכער האָט שוין געבראכט אזעלכע רעזולטאטען ווי, למשל, דער פאָלגענדער „בריף צו דער צייטווייליגער רעגירונג" אדרעסירט צו מיר:

„די רעוואָלוציע האָט אומגליקליך געמאכט רוסלאנד, דערפאר וואָס זי האָט אלעמען געגעבען פרייהייט; ביי אונז איז אומעטום אנארכיע. עס פרעהען זיך די אידען, וועלכע האָבען געקראָגען גלייכבארעכטיגונג; זיי האָבען אומגליקליך געמאכט און וועלען ערשט אומגליקליך מאכען דאָס רוסישע פאָלק. כדי צו ראטעווען דאָס לאנד, מוז מען האָבען א זעלבסטהערשונג".

דאָס איז ניט דער ערשטער בריף, וואָס איך באקום אין אזא טאָן, און מען דארף ערווארטען, אז די צאָהל מענשען, וועלכע האָבען פארלאָרען זייערע געדאנקען אויס פּחד, וועט וואקסען אלץ שנעלער, — די פּרעסע ארבייט פלייסיג דארויף.

דאָס פרייע וואָרט! עס האָט זיך געדוכט, אז דאָס וואָרט טאקע וועט העלפען צו ענטוויקלען ביי אונז, אין רוסלאנד, דאָס געפיהל פון אכטונג צום חבר, צו זיינע מענשליכע רעכט. נאָר מיר לעבען דורך אן עפּידעמיע פון פּאָליטישען אימפּרעסיאָניזם, מיר זיינען גרייט זיך אונטערווארפען אינטער די „טעגליכע" איינדרוקען און באנוצען דאָס „פרייע וואָרט" בלויז אינ'ם ויכוח וועגען דעם, ווער עס איז שולדיג אין רוסלאנד'ס חורבן. באמת איז דאָ גאָר קיין ויכוח ניט שייך — אלע זיינען שולדיג.

און אַלע — מעהר אָדער וועניגער צביעות'דיג — באַשול־דיגען איינער דעם צווייטען, און קיינער טוט גאָרניט, כדי אנט־קעגען צו שטעלען די קראַפט פון פארשטאַנד, די קראַפט פון גוטען ווילען נעגען אַט דעם שטורם פון געפיהלען.

1917

# רכילות און קולטור.

יעדער טאָג האָט זיך זיין זאָרג, דאָס איז נאַטירליך, אַזוי דאַרף טאַקע זיין; דאָך האָבען מיר היינט צווייערליי זאָרגען: דער קאַמף פון די פּאַרטייען פאַר מאַכט און דאָס קולטורעלע בויען. איך ווייס, אַז דער פּאָליטישער קאַמף איז אַ נויטיגע זאַך, נאָר איך קוק דאַרויף, ווי אויף אַן אומפאַרמיידליכע צרה. ווייל איך קען ניט זעהן, ווי אין די באַדינגונגען פון דעם איצטיגען מאָ־מענט און לויט דער ווירקזאַמקייט פון אייניגע אייגענשאַפטען פון דער רוסישער פּסיכיק, מאַכט דער פּאָליטישער קאַמף אינגאַנצען אומעגליך דאָס קולטורעלע בויען.

די אויפגאַבע פון קולטור איז צו ענטוויקלען און פארשטאַר־קען אינ'ם מענשען סאָציאַלען געוויסען און סאָציאַלע מאָראַל; אויסצואַרבייטען און אָרגאַניזירען אַלע פעהיגקייטען, אַלע טאַלאַנ־טען פון דער פּערזענליכקייט — קען מען דען לעזען אַט דאָס פּראָבלעם אין אַ צייט פון עפּידעמישער ווילדקייט?

טוט אַ קלער, וואָס עס טוט זיך אַרום אונז: יעדע צייטונג האָט איהר ווירקונגס־קרייז און דערוועקט אין די הערצער פון איהרע לעזער, טאָג איין, טאָג אויס די עקסליכסטע געפיהלען: רשעות, ליגען, צביעות, ציניזם און עהנליכעס פון דעם מין.

ביי אייניגע דערוועקט מען שרעק פאַר דעם מענשען און אַ האַס צו איהם, ביי אַנדערע — פּאַראַכטונג און נקמה, און ווידער אַנדערע מאַטערט מען אויס מיט דער איינאַרטיגקייט פון רכילות און מען שטעקט זיי אָן מיט דער גלייכגילטיגקייט פון פאַרצווייפ־לונג. אַט די טעטיגקייט פון מענשען, וועלכע זיינען קראַנק אייף אַן ענטצינדונג פון די פינסטערע אינסטינקטען, האָט ניט נאָר קיין

שום שייכות מיט דעם פרעדיגט פון קולטור, איז פונקט דער היפך פון איהרע ציעלען.

אָבער די רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרען אין די אינטע־רעסען פון קולטור, און ארויסגערופען האָט זי טאַקע דער וואוקס פון קולטור אינטערעסען, פון קולטור־פאָדערונגען.

דער רוס, וואָס זעהט, ווי זיין אַלטער אַרט לעבען ווערט צושטערט ביז דעם פונדאַמענט דורך דער מלחמה און רעוואָלוציע, בעט, נעבעך, מיט אַלע כחות קולטורעלע הילף, שרייט, ווענדט זיך טאַקע ווידער „צו דער צייטונג" און פאָדערט פון איהר די לעזונג פון פארשידענע פראגען.

אָט, למשל, שרייבט אַ גרופּע סאָלדאַטען פון דער קאַזאַנער ארמיי:

„אַלץ אָפטער ווידערהאָלען זיך די ווילדע עקזעקוציעס, דורך וועלכע די סאָלדאַטען רעכענען זיך אָפּ מיט זייערע אומטרייע ווייבער. זעהט דאָרטען, אַז די באוואוסטזיניגע מענשען און די סאָציאַליסטישע פּרעסע זאָלען ארויסטרעטען אין אַ קאַמף געגען דער עפּידעמישער ערשיינונג און ערקלערען, אַז די פרויען זיינען ניט שולדיג. מיר, די שרייבער, ווייסען ווער עס איז שולדיג, און מיר באשולדיגען ניט די פרויען, דערפאַר, ווייל יעדער מענש שטרעבט צו ערפילען, וואָס די נאַטור פאָדערט פון איהם.

אָט איז נאָך אַ צושריפט אויף דער זעלביגער טעמע:

„איך שרייב, פארענדיג אין באַהן, נאָכדעם, ווי איך האָב אויסגעהערט אַ דערצעהלונג פון אַ סאָלדאַט, וואָס האָט מיט ביטע־רע טרערען אין די אויגען דערצעהלט, אַז ער איז אַ דעזערטיר. אנטלאָפען פונ'ם פראָנט איז ער, כדי צו באזאָרגען צוויי קינדער־לאַך, וועמען זיין געמיינע פרוי האָט פארלאָזען. ער שווערט, אַז ער וועט זיך מיט איהר אָפּרעכענען. צוליב די פרויען זיינען פאַראַן הונדערטער און טויזענדער דעזערטירען.

אין ראסטאָוו־ביים־דאָן האָבען די סאָלדאַטען געפיהרט איבער די גאַסען אַ נאַקעטע, צולאָזענע פרוי מיט צוזוואָרפענע האָר, מיט אויסגעשרייען וועגען איהר שמוציג אַרט לעבען און הינטער איהר האָט מען אונטערגעקלאַפּט אין אַ צובראָכענעם עמער. די אָרגאַ־ניזאַטאָרס פון אָט דער העסליכער פּראָצסיע זיינען געווען איהר

מאַן און טאַקע איהר געליבטער, אַ פעלדפעבעל. ערלויבט מיר צו באמערקען, אז דער שרעק פאַר דער חרפּה וועט ניט פארשטיקען דעם אינסטינקט, אָבער דערווייל קוקען די קינדער אויף אָט די מיאוסקייטען. וואָרום־זשע שווייגט די פּרעסע ?

און אָט איז אַ בריף, וואָס טראָגט איבער די „פרויען־פראגע" אין אַן אַנדער ספערע :

„איך בעט מודיע זיין אין אַ רעגיסטרירטער בריף אָדער געגוי אין דער צייטונג, ווי אזוי דארפען מיר פארשטעהן די דערקלערטע גלייכבארעכטיגונג פון דער פרוי, און וואָס וועט זי איצטער טאָן.

די אונטערצייכענטע פויערים זיינען שטאַרק צורודערט דורכ'ן געזעץ, פון וועלכען עס קען זיך פארשטאַרקען די געזעצלאָזיגקייט, און איצטער האַלט זיך דאָך דאָס דאַרף אויף דער פרוי. די פאַמיליע ווערט צוליב דעם אָפּגעשאַפט און די באלעבאַטישקייט וועט אינגאנצען צושטערט ווערען".

ווייטער : „איך דערקלער דיר, דו מענשענפריינד, אַז אין די דערפער קומט פאַר עפּעס אַן אומזין, ווייל מען טיילט איין די סאָלדאַטקעס די ערגסטע לאַנד און זיי מאַכען אַ גוואַלד ביז'ן הימעל. עס קערען זיך אום פון דעם פראָנט זייערע מאַנען, און עס וועט דערפון זיכער ארויסקומען אַ געשלעג. מען מוז ערקלעהרען די פויערים, אַז מען דאַרף האַנדלען מיט יושר".

און ווידער : „שיקט צו אַ ביכעל וועגען די רעכט פון פרויען".

ניט אַלע בריף אויף דער טעמע האָב איך אויסגענוצט, נאָר עס איז דאָ אַ טעמע, וואָס ווערט נאָך אָפטער ווידערהאָלט אין די בריף, — דאָס איז די פאָדערונג אויף ביכער וועגען פארשידענע פראַגען.

מען שרייבט וועגען דער באַציהונג צו גלחים, מען פרעגט : „צי וועלען געענדערט ווערען די איבערוואַנדערונגס־געזעצען", מען בעט דערצעהלען וועגען דער „אַמעריקאַנישער רעגירונג", וועגען דעם, „ווי אזוי מען דאַרף היילען סיפילים און צי ס'איז ניטאָ קיין געזעץ וועגען צונויפפיהרען די פארקריפּעלטע אין איין פּלאַץ", שיקען צו „ביטעס", אַז מען זאָל צו די סאָלדאַטען אין די טראַנשעען שיקען ציבעלעס, דאָס איז אַ „גוטע סגולה געגען צינגאַ".

אָט די אַלע „ביטעס", „מעלדונגען" און „אָנפראַגען" קענען

קיין פּלאַץ ניט געפינען אויף די שפּאַלטען פון די צייטונגען, וועלכע זיינען פאַרנומען מיט גאַליגע און בייזע אַטאַקעס. די פיהרער פון די צייטונגען פאַרגעסען כלומר'שט, אַז היגטערן קרייז פון זייער ווירקונג בלייבען צעהנדליגער מיליאָנען מענשען, ביי וועמען דער קאַמפּס־אינסטינקט פאַר מאַכט דרעמעלט נאָך, נאָר עס האָט זיך שוין ביי זיי דערוועקט אַ שטרעבונג צו בויען נייע לעבענס־פאָרמען.

און ווען אָט די צעהנדליגע מיליאָנען וועלען דערזעהן צו וואָס פאַר צוועקען מען באַנוצט דאָס „פרייע וואָרט“, וועלען זיי צו דעם דערפיהלען אַן עקעל, און דאָס קען זיין אַ פאַטאַלער טעות, וואָס מען וועט אַ לאַנגע צייט ניט קענען אויסבעסערען.

וואָלט מען דען ניט געקענט אַביסעל פאַרקירצען דעם נבול־פּה און זיך באַשעפטיגען אַביסעל מעהר ניט לעבעדיגע אינטערעסען פון דער דעמאָקראַטיע? זיינען מיר אַלע דען ניט פאַראינטערע־סירט, אַז די מענשען זאָלען דערפיהלען דעם אביעקטיווען ווערט פון קולטור און איהר אבסאָלוטע שעהנקייט?

1917

# די אידען־פראַגע.

די גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידען איז איינע פון די שעהנ־סטע עראָבערונגען פון אונזער רעוואָלוציע. אנערקענענדיג דעם אידען אַלס גלייכבאַרעכטיגט צום רוס, האָבען מיר אראָפּגענומען פון אונזער געוויסען אַ שענדליכען, בלוטיגען און שמוציגען פלעק.

אין אָט דעם מאָמענט איז ניט פאַראַן קיין זאַך, וואָס זאָל אונז געבען דאָס רעכט זיך צו באַריהמען. שוין נאָר דערפאַר, וואָס דאָס אידענטום האָט געקעמפט פאַר דער פּאָליטישער פרייהייט אַ סך אָרנטליכער און ענערגישער, ווי אַ סך רוסען, דערפאַר, ווייל די אידען האָבען געגעבען אַ סך וועניגער רענעגאַטען און פּראָוואָקאַ־טאָרס — טאָרען מיר ניט און מיר קענען זיך ניט רעכענען אַלס די „וואָלטעטער פון די אידען“, ווי עס רופען זיך אין די בריף צו מיר איניגע „גוטמוטיגע“ און „ווייכהערציגע“ רוסען.

אגב: עפּעס זידלען זיך אָט די גוטמוטיגע און ווייכהערציגע מענשען שוין מאָדנע אָהן בזיון!

באפרייענדיג דאָס אידענטום פון דער טשערטא, פון דער, פאר אונז שענדליכער, געפאנגענשאפט אין באגרענצונגען, האָבען מיר געגעבען אונזער פאטערלאנד א מעגליכקייט אויסצונוצען זייער ענערגיע. אָט די מענשען קענען דאָך ארבייטען בעסער פון אונז, און מיר אלע ווייסען, ווי שטארק מיר נויטיגען זיך אין ענערגישע מענשען, וואָס האָבען ליב ארבייט.

באריהמען האָבען מיר זיך ניט מיט וואָס — מיר קענען זיך נאָר פרעהען, וואָס ענדליך האָבען מיר געטאָן א זאך, וועלכע איז אי גוט, אי מאָראליש, אי פראקטיש.

פונדעסטוועגען פיהלט זיך עפּעס קיין פרייד ניט צוליעב דעם; ווארשיינליך דערפאר, וואָס מיר האָבען קיין צייט ניט זיך צו פרעהען — מיר אלע זיינען דאָך אזוי פארנומען מיט „הויכער פּאָליטיק", דער זין פון וועלכער ווערט בעסער אויסגעדריקט אין עפּעס א לידעלע פון קאניבאלען:

טיגערס ליבען מארמאלאד,
מענשען עסען מענשען,
אך ווי גוט ווי וואויל עס איז
מענשען־ביינער נאָגען!

קיין פרייד — פיהלט זיך ניט, נאָר דער אנטיסעמיטיזם לעבט און צוביסלאך, פארזיכטיג הויבט ער ווידער אויף זיין העסליכען קאָפּ, שיפּעט, רעדט רכילות, שפּריצט מיט פארסאמטער סלונע פון האַס.

וואָס איז די אורזאכע? די אורזאכע איז, וואָס צווישען די אנארכיסטיש־געזאָנענע באָלשעוויקעס זיינען פאראן צוויי אידען. דאכט זיך, אז דריי. אנדערע צעהלען ביז זיבען און זיינען איבער־צייגט, אז אָט די זיבען שמשון־גבורים וועלען פארניכטען ביז'ן סאמע פונדאמענט דעם 170־מיליאָנענדיגען טעמפּעל פון רוסלאנד.

דאָס וואָלט געוועזן זעהר לעבערליך און נאריש, ווען עס זאָל ניט זיין אזוי געמיין.

דער בייזער אידישער גאָט האָט מציל געווען א גאַנצע שטאָדט מיט רשעים דערפאר, וואָס ס'איז דאָרט פארבליבען נאָר איין צדיק; די מענשען, וואָס גלויבען אין דעם מילדען קריסטוס'ן האַלטען, אז צוליעב די זינד פון צוויי אדער זיבען באָלשעוויקעס דארף ליידען דאָס גאַנצע אידיש פאָלק.

לויט אָט דער לאָגיק, קומט אויס, אז פאר לענינען דעם פול־בלוטיגען רוסישען זינדער, דארפען זיין פאראנטוואָרטליך אלע איינוואוינער פון סימבירער גובערניע און אויך די איינוואוינער פון די שכנ'ישע גובערניעס.

א סך מעהר אידען זיינען דאָ צווישען די מענשעוויקעס, נאָר מיינע קאָרעספּאָנדענטען מאַכען דעם אנשטעל, אז זיי זיינען אומ־וויסענד און שרייען בקולי קולות: אלע אידען זיינען אנארכיסטען.

דאָס איז זעהר א געמיינע באַשולדיגונג. איך בין איבערצייגט, איך ווייס, אז די אידען — צו מיין גרויסער באַוואונדערונג — צייגען ארויס, אלס מאַסע, א סך מעהר ליבע צו רוסלאַנד, ווי א סך פול־בלוטיגע רוסען.

דאָס באַמערקט מען ניט, הגם עס וואַרפט זיך זעהר אין די אויגען, ווען מען זאָל נעמען די ארטיקלען פון די אידען־זשורנאַ־ליסטען.

אין דער „ריעטש", א צייטונג, וואָס מען קען ניט ליב האָבען, נאָר פונדעסטוועגען זעהר א בכבוד'יגע צייטונג, ארבייטען א היבשע ביסעל אידען. די „נאָוואָיע ווּרעמיא", צווישען וועמעס מיטאר־בייטער עס זיינען אויך פאראַן אידען, האָט נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק אָנגערופען די „ריעטש" א „אידישע צייטונג"

די מיטארבייטער פון דער „ריעטש" האָבען אפילו ניט דעם שאָטען פון סימפּאַטיע צו די באָלשעוויקעס.

עס זיינען פאראַן נאָך טויזענדער ראיות, אז די פאָרמולא איד־באָלשעוויק האָט קיין זין ניט און ווערט ארויסגערופען נאָר דורך די זאָאָלאָגישע אינסטינקטען פון די צורייצטע רוסען.

איך וועל, פארשטעהט זיך, ניט ברענגען אָט די ראיות — אָרענטליכע מענשען נויטיגען זיך ניט אין זיי, אומאָרענטליכע — וועלען זיי סיי ווי סיי ניט איבערצייגען.

אידיאָטיזם איז א קרענק, וואָס מען קען ניט אויסהיילען מיט

קיין לאָגיק. דער וואס ליידט פון אָט דער אומהיילבארער קרענק, זעהט קלאָר: אזוי ווי צווישען די אידען זיינען פאראן זיבען מיט א האלבען באָלשעוויק, הייסט דאָס — אין אלץ איז שולדיג דאָס אידישע פאָלק. און דערפאר...

און דערפאר פאנגט אָן דער ארענטליכער און געזונטער רו־סישער מענש צו פיהלען אן אומרוהיגקייט און א שמערצליכע שאנדע פאר רוסלאנד, פאר'ן רוסישען שוטה, וואָס זוכט אין א שלעכטער צייט דעם שונא ערגעץ אויסער זיך און ניט אינ'ם תחום פון זיין נארישקייט.

איך האָף, אז מיינע פילע קאָרעספּאָנדענטען זיינען צופרידען מיט אָט דעם ענטפער אויף דער „אידישער פראגע".

איך וועל צולעגען — פאר מיר עקזיסטירט שוין מעהר ניט אזא פראגע.

איך גלויב ניט אינ'ם ערפאָלג פון דער רכילות־פּראָפּאגאנדע פונ'ם אנטיסעמיטיזם. און איך גלויב אין דעם פארשטאנד פונ'ם רוסישען פאָלק, אין זיין געוויסען, אין דער ערענסטקייט פון זיין שטרעבונג צו פרייהייט, וואָס שליסט אוים יעדע פארגוואלטונג אי־בער'ן מענשען. איך גלויב, אז אלץ וועט פארבייגעהן, נאָר דער אמת אליין וועט פארבלייבען.

1917

## איז דאָס אַ פּראָצעס פון אייניגונג?

עפּעס א בכבוד'יגער בירגער שרייבט מיר:

„א פּחד כאפּט ארום די נשמה, ווען מען הערט אויף די גאַ־סען־מיטינגען ווי אזוי די סאלדאטען, וואָס פארטיידיגען היציג די עקסטרעמע לאָזונגען פון די לענינצעס, גיבען זיך לייכט אונטער דער פּאָגראָם־אגיטאציע. מען דערצעהלט זיי וועגען די פארגוואל־טיגונגען פון די אידען אין דעם „ראט פון ארבייטער־ און סאָלדאַ־טען־דעפּוטאטען". איינמאָהל פרעג איך א סאלדאט: ווי אזוי הארמאָנירט ביי איהם אין קאָפּ די „סאָציאלע רעוואלוציע" מיט א פיינדליכער באציהונג צו נאציאָנאליטעטען? ענטפערט ער:

— מיר זיינען אומוויסענד, ניט מיר, סאָלדאַטען, דאַרפען זיך אַריינלאָזען אין אַזעלכע טיפע חקירות".

און אַנדער קאָרעספּאָנדענץ טיילט מיט:

ווען איך האָב געזאָגט דעם קאָנדוקטאָר פונ'ם טראַמוואַי, אַז די סאָציאַליסטען קעמפען פאַר דער גלייכהייט פון אַלע פעלקער, האָט ער מיר אָבגעענטפערט:

— מיר דאַרפען שפּייען אויף די סאָציאַליסטען און אויפ'ן סאָציאַליזם — דאָס האָבען דאָך די באָלעבאַטים אויסגעטראַכט, מיר, אַרבייטער זיינען באָלשעוויקעס.

ביים צירק „מאָדערן" פירט אַ גרופּע אַרבייטער און סאָלדאַטען אַ געשפּרעך מיט אַ יונגינקען נערוועזען סטודענט.

— אויב מיר'ן רק דעבאַטירען אַזוי פיינדליך, ווי איהר דעבאַטירט, און מיר וועלען זיך ניט לערנען, — שרייט דער סטודענט מיט באַנומענע קולות.

— וואָס זיך לערנען? פרעגט גראָב שוין אַן עלטערער סאָלדאַט. וואָס קענסטו מיך אויסלערנען? מיר קענען אייך, — די סטודענטען האָבען זיך שטענדיג געבונטעוועט. איצטער איז אונזער צייט, און אייך דאַרף מען אַרונטערוואַרפען מיט דער גאַנצער בורזשואַזיע!

— אַ טייל פונ'ם פּובליקום לאַכט, נאָר עפּעס אַ פּראַנט, עהנליך צו עפּעס אַ פּריזירער, רעדט היציג:

— דאָס, חברים, איז אמת! שוין גענוג האָט די אינטעליגענץ געהערשט איבער אונז, איצטער, אַז מיר האָבען פרייהייט, וועלען מיר זיך שוין אָהן איהר אויך באַגעהן.

גרויסע און גוואַלטיגע סכנות זיינען באַהאַלטען אין אָט דער צוהיצטער אומוויסענהייט!

ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען אויף דער פּעטראָגראַדער זייט צו הערען אויף מיטינגען אוועקשטעלען דעם באָלשעוויזם, אַלס היפּוך צום סאָציאַליזם, אָנפאַלען אויף דער אינטעליגענץ און אַנדערע עהנליכע נאַרישע מיינונגען. דאָס האָב איך געהערט אינ'ם צענטער פון דער רעוואָלוציע, וואו די אידעען ווערען פאַרשאַרפט, ווי ווייט זיי קענען נאָר, פון וואַנען זיי פליסען איבער'ן גאַנצען פינסטערן און אומוויסענדען לאַנד.

צי ענטוויקעלט זיך אין לאנד דער פראצעס פון פאראייניגען אלע פארנונפטיגע רעוואלוציאנערע כחות, צי וואקסט אין איהר די ענערגיע, וואס איז אזוי נויטיג פאר דער בויאונג פון קולטור?

עס זיינען פאראן סמנים, וואס גיבען א נעגאטיווען ענטפער.

איינער פון די סמנים איז די אלץ וואקסענדע אויסמיידונג פון דער אינטעליגענץ צו ארבייטען צווישען די מאסען און די ענט־שטעהונג צווישען איהר פון באזונדערע ריין אינטעלעגענטען־ארגא־ניזאציעס.

ווייזט אויס, אז עס זיינען פאראן אורזאכען, וואס שטויסען אב דעם אינטעליגענט פון די מאסען, און גאנץ וואהרשיינליך, אז איינע פון אט די אורזאכען איז יענע סקעפטישע און אפט אויך פיינדליכע באציהונג פון אומוויסענדע מענשען צו דעם אינטעליגענט, וועלכע וואקסט פון טאג צו טאג אלץ מעהר צווישען די מאסען, א דאנק דער באמיהונג פון אלערליי דעמאגאגען.

אט די שפאלטונג קען זיין זעהר גוצליך פאר דער ארבייטער אינטעליגענץ — זי וועט קענען אויפטאן א סך קולטורעלע ארבייט.

נאר צוביסלאך געהט זי אוועק פון די מאסען, פארטיעפט זיך אלץ מעהר אין אייגענע אינטערעסען, פראבלעמען און שטימונגען און מאכט אלץ ברייטער און טיפער דעם תהום צווישען אינסטינקט און אינטעלעקט, אבער אט דער תהום איז אונזער אומגליק, אין איהם ליגט דער קוואל פון אונזער אומפעהיגקייט צו ארבייט, פון אונזערע מיסערפאלגען אין דער שאפונג פון נייע לעבענס־באדינ־גונגען.

בלייבענדיג אהן פיהרער, אין אן אטמאספערע פון קריגערי־שער דעמאגאגיע, וועלען די מאסען נאך אומגעלומפערטער אנפאנ־גען צו זוכען אלערליי אונטערשידען צווישען די ארבייטער און דעם סאציאליזם און אלגעמיינעם צווישען דער „בורזשואזיע“ און אר־בייטער־אינטעליגענץ.

און צווישען דער אינטעליגענץ ווערען אלץ שטארקער די נייגונגען, דיקטירט, פארשטעהט זיך, פון די בעסטע כונות, וואס

פיהרען אבער אָב די אינטעלעקטועלע ענערגיע אין א זייט פון די אינטערעסען פון דער מאסע, פון די היינטיגע פאָדערונגען.

אין די „איזוועסטיא יוגא“, דעם אָרגאַן פון כארקאָווער און פון דעם דיסטריקט קאָמיטעטען פון די ראטען פון ארבייטער און סאָלדאטען־דעפוטאטען, שרייבט עפּעס איינער א איוואַן סטאַנקאָוו:

דער סאציאליזם האָט א זעהר וויכטיגע אויפגאבע: דאָס איז — אויפצוהויבען די הויך פון דער קולטור, דעם באוואוסטזיין פון דער פּערזענליכקייט, דערהויבען די פּערזענליכקייט און אלגעמיינע אינטעליגענץ. עס איז דאָ א לאָזונג: ברייט און האסטיג צו עפענען די טירען פון דער זון, שעהנקייט און וויסען פאר דעם גאנצען פאָלק, כדי עס זאָלען ניט זיין קיין אומוויסענדע, כדי אונזער טיילונג אויף אינטעליגענטע און אומוויסענדע זאָל וואָס שנעלער בלייבען א ווילדע איבערלעבונג פון דער אלטער ארדנונג, פון אלטע שוהלען און סיסטעמען.

די פּראפּאגאנדא און די נאָהענטסטע פארווירקליכונג פון דער אידעע פון אן „אלגעמיינער נאציאָנאלער אינטעליגינץ“ איז, לויט מיין איבערציינונג, איינע פון יענע זעהר וויכטיגע פּראבלעמען פון סאָציאליזם, וואס די ארענטליכע פאראייניגטע אינטעליגענץ דארף דאָס אנערקענען אלס חוב צום פאלק, דאָס אוועקשטעלען אויפ'ן בכבוד'יגסטען פּלאץ פון זייערע שטרעבונגען און דאס דורכפיהרען צוזאמען מיט דער אלגעמיינער פּלאטפאָרם פון די סאָציאליסטישע פאדערונגען פון אלע פארטייען. נאָר די אינטעליגענץ, וואס איז ריין פון אלע חלאת'ן פון דער בורזשואזער ארדנונג, וועט ווערען דער ליכטיגער פאלקס־אמת, וועט ווערען דאס ליכט פון פארשטאַנד און שעהנקייט“.

גוטע ווערטער. נאָך בעסער איז אנגעשריבען דער אויפרוף פון דעם כארקאָווער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, ערוועהלט דורכ'ן ראט פון די דעפּוטאטען פון דער ארבייטער אינטעליגענץ.

„צו אייך, אינטעליגענטע ארבייטער פון כארקאָווער גובערניע, ווענדט זיך דער איצטיגער רוף.

לויט דער בייזער איראָניע פון'ם שיקזאל איז די רוסישע אינ־

טעליגענץ, וואָס האָט פאַרזייהט מיט ביינער פון איהרע קדושים דעם מאַרטירער־וועג פון דער פאָלקס־באַפרייאונג, און אין דעם משך פון איהר גאַנצער געשיכטע האָט זי געטאָן די גרויסע אויפ־קלערונגס־ און אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט, איצט, ווען אַלעס איז שוין אָרגאַניזירט, אַליין געבליבען אומאָרגאַניזירט. אַנדערע האָט זי אָרגאַניזירט, אָבער זיך אַליין, אַלס קלאַס, האָט זי פאַרגעסען אָדער קיין צייט ניט געהאַט צו אָרגאַניזירען. דורך איהר אוממי־טעלבאַרען אַנטייל זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען די אַרבייטער, די סאָלדאַטען און פויערים, רעכטס פון איהר אָרגאַניזירט זיך האַסטיג די בורזשואַזיע און נאָר זי אַליין, די אַרבייטער אינטעליגענץ, וואָס איז רייך מיט וויסען, ערפאַהרונג און מיט געזעלשאַפטליכער פּראַק־טיק, בלייבט ניט פאַראייניגט און צוואָוואָרפען ווי שטויב.

אַ קלאַס, וואָס איז בעסער פון אַנדערע באַוואָפענט פאַר געזעלשאַפטליכער אַרבייט און קאַמף, אַ קלאַס פון אַקטיווע טראַדיציעס און ליכטיגע סאָציאַלע אידעאַלען איז געצוואונגען זיך נאָכצושלעפען נאָך די געשעהענישען, און האָט ניט בכח זיי צו געבען אַ ריכטונג.

דאָ איז ניט דאָס פּלאַץ צו ערקלערען די אורזאַכען, נאָר עס איז אַן אומצווייפעלהאַפטער פאַקט, אַז דער קלאַס פון אינטעלי־גענטער אַרבייט אַלס אַ גאַנצער קלאַס, קען אין דעם איצטיגען מאָ־מענט ניט אַריינטרעטען אין איינער פון די עקזיסטירענדע געזעל־שאַפטליכע גרופּירונגען.

אָט פאַר וואָס עס איז נויטיג זיין זעלבסטשטענדיגע שאַפונג.

אַלע באַדינגונגען פאַר אַזאַ שאַפונג זיינען פאַראַן. דער גרויסער עקאָנאָמישער סמן, דער סמן פון לוין־אַרבייט, דער סמן פון באַצאָלטער פאַרפרעמדונג פון איהר אינטעליגענטער אַרבייט צו קאַפּיטאַל אין אַלע זיינע שאַטירונגען — דאָס איז דער יסוד אויף וועלכען עס האַלט זיך דער קלאַס פון דער אַרבייטער אינ־טעליגענץ אין זיין גרויסער מאַיאָריטעט, אָט דאָס איז יענע איי־זערנע קייט, וואָס איז באַרופען צו איינשמידען איהם אין איין אומלעזבאַר־גאַנצעס. אין דעם זין איז די אַרבייטער אינטעליגענץ איינע פון די אָפּטיילונגען אין דעם גרויסען קלאַס פון דעם מאָדער־

נעם פּראָלעטאַריאַט, א מיטגליד פון דער גרויסער ארבייטער משפּחה.

נאָר באַצייכענענדיג די ארבייטער אינטעליגענץ, ווי אן אָפּ־טיילונג פון ארבייטער קלאַס, באַצייכענען מיר שוין דערמיט אליין איהר סאָציאַלען עצם.

דער קלאַס פון דער ארבייטער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אליין פאַרשטאַנען, קען זיין נאָר א סאָציאַליסטישער.

די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע איז ניט פאַרענדיגט, זי ווערט פאַרטגעזעצט. די אומגעהייערע געזעלשאַפטליכע אויפגאַבען — די פאַרענדיגונג פון דער מלחמה, די איינאָרדנונג פון דער רעגי־רונג, די לעזונג פון לאַנד־פּראָבלעם און די אָרגאַניזירונג פון פאָלקס־ווירטשאַפט, וואָס לעבט דורך דעם שווערסטען קריזיס, שטעהען פאַר'ן לאַנד אין זייער גאַנצער דראָהענדער גרויס און פאָדערען מעכטיג זייער לעזונג.

חברים, אינטעליגענטע ארבייטער פון דער שטאָדט כאַרקאָוו און פון כאַרקאָווער גובערניע. לויט'ן ביישפּיעל פונ'ם הארץ פון רוסלאַנד, פון מאָסקווע, וואו דער אינטעליגענטער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָרגאַניזירט אין א מעכטיגען ראַט פון דעפּוטאַטען פון דער ארבייטער אינטעליגענץ, לויט דער פאָרם פון אנדערע דעמאָ־קראַטישע ראַטען פון דעפּוטאַטען פון ארבייטער, פּויערים און סאָלדאַטען טרעט אריין אין אייער כאַרקאָווער ראַט פון דעפּוטאַטען פון דער ארבייטער אינטעליגענץ.

נאָר אין אייניגונג איז קראַפט, נאָר אין סאָלידאַריטעט איז מאַכט".

די שטרעבונג פון דער ארבייטער אינטעליגענץ צו באַשאַפען זעלבסטשטענדיגע ארגאַניזאַציעס ענטשטעהט ניט נאָר אין מאָס־קווע און אין כאַרקאָוו. עס קען זיין, אז אָט אזא שטרעבונג איז נויטיג און איז באמת בארעכטיגט, נאָר וואלט כאָטש די פאָלקס־מאַסע ניט געבליבען אָהן קיין פיהרער.

נאָר, פונדעסטוועגען, שווימט ארויס די דראָהענדע פראַגע: וואָס איז דאָס — א פּראָצעס פון אייניגונג אין קרעפטען אדער פון זייער צופאַלונג?

# וועגען אדוואָקאַטען און אידען.

א געשוואוירענער אדוואקאט, איינער פון יענע, וועלכע האָ־בען אונטער דעם אַלטען רעזשים, רוהיג ריזיקירט מיט זייער פער־זענליכער פרייהייט, זיך ניט פארקלערט וועגען דער קאַריערע, מו־טיג ארויסגעטראטען אלס פארטיידיגער אין פאָליטישע פּראצעסען און ניט איין קלאפּ איינגעטיילט דער זעלבסטהערשונג, — א מענש, וואָס איז גלענצענד באקאנט מיט דער טיפקייט פון רעכטלאָזיגקייט און מיט'ן ציניזם פון דער מאָנארכיע, האָט מיר די טעג געזאָגט:

— „פונקט, ווי פאר ניקאָלאַי ראָמאנאָוו, טרעט איך ארויס אלס פארטיידיגער אין א שנעל צונויפגעשטעלטען פּאָליטישען פראָצעס; פונקט, ווי דעמאָלט קומען צו מיר וויינען און זיך באַ־קלאָגען מוטערס, פרויען, שוועסטער פון ארעסטירטע; ווי פריהער ווערען ארעסטען געמאכט גאָט ווייסט לויט וועמעס באפעהל, די ארעסטאַנטען האלט מען אונטער העסליכע באדינגונגען, די טשי־נאָווניקעס פון „דער נייער אָרדנונג“ באציהען זיך צום אָנגע־קלאָגטען פונקט אזוי ביוראָקראטיש־הארצלאָז, ווי מען האָט זיך פריהער באצויגען. מיר דאכט, אז אויף מיין געביט איז קיין ענדערונג ניט פארגעקומען צום בעסערען“.

און איך קלער, אז אויף דעם געביט דארף מען ערווארטען אלערליי מעגליכע ענדערונגען צום ערגערן. אונטער דער מאָנאר־כיע האבען די געטרייע דינער פון ראָמאנאָווען אמאָל זיך ניט ענט־זאגט אין דעם פארגעניגען אביסעל צו ליבעראליזירען, א קריטיקיר טאָן דעם רעזשים, נודיען אביסעל אויף דער טעמע פון הו־מאניזם און בכלל אביסעל א באריהם טאָן זיך מיט גוטהאר־ציגקייט, ציייגען א צופעליגען קאָמפּאניאָן, אז אין הארצען פון דעם פארקאָכטען טשינאָווניק זיינען נאָך ניט אלע גוטע מידות פאר־ניכטעט געווארען דורך דער פלייסיגער ארבייט אפצוהיטען דאס פאָלקייט און מיסט.

די קליגסטע פון זיי האָבען, ווארשיינליך, פארשטאַנען, אז א „פּאָליטיקער“ איז א מענש, אין עצם אפילו פאר זיי גופא ניט קיין שעדליכער, — ארבייטענדיג פאר דער באפרייאונג פון רוסלאנד,

האט ער אויך געארבייט פאר דער באפרייאונג פון דעם טשינאוור־גיק פון דער חמ׳ישער „העכסטער מאכט”.

איצטער איז די זעלבסטהערשונג ניטא, און מען קען ארויסווייזען די גאנצע „שעהנקייט פון דער נשמה”, וואס איז באפרייט געווארען פון דער געפאנגשאפט פון די שטרענגע צירקולארען.

איצט ערשיינט דער טשינאווניק פונ׳ם אלטען רעזשים, דער קאדעט אדער אקטיאבריסט פאר דעם ארעסטירטען דעמאקראט אלס ארגאנישער שונא — און דער ליבעראליזם איז איבריג און שוין ניט פאסיג.

פונ׳ם שטאנדפונקט פון פארטיי־אינטערעסען און פאליטישען קאמף איז דאס אלץ גאנץ נאטירליך, נאר „על פי מענשליכקייט” איז דאס העסליך און עס וועט ווערען נאך העסליכער וואס שארפער עס וועלען ווערען די באציהונגען צווישען דער דעמאקראטיע און איהרע שונאים.

* * *

אין איינער פון די שמוציגע נאס־צייטונגען האט עמיצער אבגעדרוקט זיינע איינדריקען פון א רייזע קיין צארסקאיע סיעלא. אין דעם דאזיגען ארטיקעל, וואס איז פאראוים באשטימט צו דערפרעהען די גאס און וואס דערצעהלט, ווי ניקאלאי ראמאנאוו זעגט האלץ, ווי זיינע טעכטער ארבייטען אין גארטען, איז פאראן אזא שטעל:

א מאטראס פיהרט צו אין א גאנג־וועגעלע אלעקסאנדרא פעאדאראוונא׳ן. זי טראגט שווארצע מלבושים, איז מאגער און שטארק אראב פונ׳ם פנים. פאמעלאך, מיט דער הילף פון די טעכטער געהט זי ארוים פונ׳ם גאנג־וועגעלע שלעפט זיך, שטארק הינקענדיג אויף דער לינקער פוס...

— זעהסט, זי איז קראנק געווארען, — באמערקט עמיצער פונ׳ם המון: — אהן פיס געבליבען...

— מען וואלט איהר געדארפט אהער ברענגען גרישקא׳ן — שטיקט זיך עמיצער אינ׳ם המון: — וואלט זי שנעל געזונט געווארען.

עס קלינגט א פארטויבענדער געלעכטער.

לאכען פון א קראנקען און אומגליקליכען מענשען — ווער ער

זאל ניט זיין — איז א באשעפטיגונג פון א חם און זעהר געמיין.
עס שטיקען זיך פון געלעכטער רוסישע מענשען, די זעלביגע, וואס האבען זיך מיט פינף חדשים צוריק באצויגען צו די ראמאנאוום מיט שרעק און ציטער, הגם זיי האבען פארשטאנען, כאטש ניט זעהר קלאר, זייער ראלע אין רוסלאנד.

נאר די צרה איז ניט, וואס געזונטע מענשען לאכען פונ׳ם אומגליק פון א פרוי, נאר וואס דער ארטיקעל איז אונטערגעשריבען מיט דעם אידישען נאמען יוסף כייסין.

איך האלט פאר נויטיג דערמאנען דעם הערר כייסין עטליכע שורות פון פראפעסאר פאדוען דע קרוטענע׳ס אן ארטיקעל אין דעם זאמעלבוך „שטשיט״:

פונ׳ם וואגען האט מען ארויסגע׳גנב׳עט א טשעמאדאן. דער גנב האט זיך ארויסגעצייגט צו זיין א פאליאק. נאר מען האט ניט געזאגט, אז א פאליאק האט גענגב׳עט, נאר אז א „גנב״ האט גע׳גנב׳עט.

א צווייטען מאל האט זיך ארויסגעצייגט, אז דער לקחן איז געווען א רוס. אויך דעם מאל האט מען באשולדיגט אין גנבה ניט דעם רוס, נאר פשוט — דעם „גנב״.

נאר ווען מען זאל דעם טשעמאדאן געווען געפינען ביי א אידען, וואלט מען געזאגט, אז „גע׳גנב׳עט האט א איד״, ניט פשוט א „גנב״.

איך האלט, אז דער מוסר השכל דארף זיין פארשטענדליך כייסינען און עהנליכע „לעבענסבאשרייבער״, — למשל דוד אייזמאנען א. ז. וו. — קען מען דאך אויף זייער שרייבאכץ אויך זאגען ניט פושט צורייצטע און נארישע מענשען שרייבען אזוי, נאר — „אידען״.

ס׳וועט זיך קוים געפינען א מענש, אויף אזוי פיל דום, וואס זאל מיך חושד זיין צוליב אט די ווערטער אין אנטיסעמיטיזם.

איך האלט פאר נויטיג, — לויט די באדינגונגען פון דער צייט, — אנצואווייזען, אז אין ערגעץ פאדערט זיך ניט אזוי פיעל טאקט און מאראלישער חוש, ווי אין די באציהונגען פונ׳ם רוס צום אידען און פונ׳ם אידען צו די ערשיינונגען פונ׳ם רוסישען לעבען.

דאס הייסט אבער ניט, אז אין רוסלאנד זיינען פאראן אזעל־

כע פאקטען, וואס א איד אדער א טאטער טאר זיי קריטיש ניט באריהרען, נאר מען מוז געדענקען, אז אפילו א ניט־ווילענדיגער טעות, — ניט רעדענדיג שוין פון באוואוסטזיניגער העסליכקייט, אפילו ווען ער ווערט געמאכט אוים דעם ערנסטען פארלאנג צו־פרידען צו שטעלען די אינסטינקטען פון דער גאס — קען אויסגע־טייטשט ווערען צום שאדען ניט נאר פאר איין שלעכטען און נא־רישען אידען, נאר פאר דעם גענצען אידענטום.

1917

# ניקאלאי לענין.

ניקאלאי לענין פיהרט איין אין רוסלאנד די סאציאליסטישע ארדנונג לויט דעם מעטאד פון נעטשאיעווען — „לויף שנעל דורך דעם זומפ“.

אי לענין, אי טראצקי, אי אלע אנדערע, וואס פאלגען זיי נאך צום חורבן אין דעם זומפ פון דער ווירקליכקייט, זיינען, ווייזט אויס, איבערצייגט צוזאמען מיט נעטשאיעווען, אז „מיט'ן רעכט אויף געמיינהייט קען מען אם־גרינגסטען צוציהען צו זיך דעם רוס“, און זיי שענדען קאלטבלוטיג די רעוואלוציע, שענדען דעם ארבייטער קלאס, צווינגען איהם צו מאכען בלוטיגע געשלעגען, טרייבען איהם אונטער צו פאגראמעווען און צו ארעסטירען אומ־שולדיגע מענשען, ווי למשל, א. וו. קארטאשאווען, מ. וו. בערנאצ־קי'ן, א. י. קאנאוואלאוו'ן און אנדערע.

דערמיט וואס לענין מיט זיינע אונטערלעקער האבען גע־צוואונגען דעם פראלעטאריאט צושטימען צו דער פארניכטונג פון פרייער פרעסע, האבען זיי אריינגעלעגט אין די הענט פון די שונאים פון דער דעמאקראטיע דאס רעכט צו פארשטאפען איהר דאס מויל; אט די „פיהרער“, וואס דראהען מיט פאגראמען אלע־מען, ווער עס איז נאר ניט איינשטימיג מיט דעם לענין־טראצקי דעספאטיזם, בארעכטיגען דעם דעספאטיזם פון דער מאכט, געגען וועלכע אלע בעסטע קרעפטען פון דעם לאנד האבען אזוי ביטער און לאנג געקעמפט.

„דאָס פאָלגען פון די חדר־אינגלאַך און נאַראָנים, וואָס געהען צוזאַמען נאָך לענינען און טראָצקי׳ן, האָט דערגרייכט דעם העכ־סטען פונקט״; — זיי זידלען זייערע פיהרער אונטער די אויגען, אָט געהען זיי אוועק פון זיי, אָט קומען זיי צוריק, אבער סוף־כל־סוף טוען אָט די חדר־אינגלאַך און נאַראָנים דעם ווילען פון די דאָג־מאַטיקער און דערוועקען אַלץ מעהר אין דער פינסטערסטער מאַסע פון די סאָלדאַטען און ארבייטער אומפאַרווירקליכבאַרע האָפנונגען אויף זאָרגלאָזען לעבען.

די לענינצעס, וואָס קוקען אויף זיך, ווי אויף די נאָפאָלעאָנס פון׳ם סאָציאַליזם, האַלטען אין איין רייסען און וואַרפען, טוען אַלץ צו פאַרפאָלקאָמען דעם חורבן פון רוסלאַנד — און דאָס רוסישע פאָלק צאָלט דערפאַר מיט ימים בלוט.

לענין אליין איז, זיכער, א מענש פון אויסערגעוועהנליכער קראַפט; פינף־און־צוואַנציג יאהר איז ער געשטאַנען אין די ער־שטע רייהען פון די קעמפער פאַר׳ן נצחון פון׳ם סאָציאַליזם, ער איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע און גלענצענדסטע פיגורען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; א טאַלאַנט־פולער מענש, באַזיצט ער אַלע מעלות פון א „פיהרער״ און אויך די אבוועזענהייט פון מאָראַל, וואָס איז אזוי נויטיג פאַר אַ דער ראָלע; ער באַציהט זיך צום לעבען פון די פאָלקס־מאַסען אָהן רחמנות, ווי אַן אמת׳ער פריץ.

לענין איז א „פיהרער״ — און א רוסישער פריץ, וואָס האָט נאָך איינגעזאַפּט אין זיך איינינגע גייסטיגע מעלות פון אָט דעם שטאַנד, וואָס איז אוועק אין זיין אייביגער רוה, און דערפאַר, קלערט ער, איז ער באַרעכטיגט צו מאַכען אויפ׳ן רוסישען פאָלק א ברוטאַלען עקספּערימענט, וואָס איז לכתחילה פאַרמשפּט צו א דורכפאַל.

דאָס אויסגעמאַטערט און דורך דער מלחמה רואינירט פאָלק האָט שוין באַצאָהלט פאַר אָט דעם עקספּערימענט מיט טויזענדער לעבענס און וועט געצוואונגען זיין צו באַצאָהלען מיט נאָך צעהנד־ליגע טויזענדער לעבענס, און דאָס וועט איהם אויף א לאַנגע צייט אראָפּנעהמען דעם קאָפּ.

אָט די אומפאַרמיידליכע טראַגעדיע שרעקט ווינציג וואָס לע־

נינען, דעם שקלאף פון דער דאגמע, און זיינע נאכשלעפער — זיינע שקלאפען. דאס לעבען מיט זיין קאמפליצירטקייט איז פאר לע־נינען א סוד, ער קען ניט די פאלקס־מאסען, ער האט מיט זיי ניט געלעבט, נאר האט — פון די ביכלאך — זיך דערוואוסט, ווי אזוי מען קען אט די פאלקס־מאסען אויפהויבען אויף די הינטערשטע פיס, ווי אזוי מען קען צורייצען זייערע אינסטינקטען. דער אר־בייטער קלאס איז פאר די לענינס, פונקט ווי רויהער מעטאל פאר'ן מעטאלורגיסט. איז מעגליך — אונטער די אלע באדינגונגען — אויסצוגיסען פון אט דעם רויהען מעטאל א סאציאליסטישע גע־זעלשאפט, לויט ווי עס זעהט אויס — קען מען ניט; נאר פונ־דעסטוועגען — פאר וואס ניט פרובירען? מיט וואס ריזיקירט לענין, אויב דער עקספערימענט וועט זיך ניט איינגעבען?

ער ארבייט ווי א כימיקער אין א לאבאראטאריע, דער חלוק איז נאר, וואס דער כימיקער באנוצט זיך אין זיין ארבייט מיט טויטער מאטעריע און די רעזולטאטען פון זיין ארבייט זיינען זעהר ווערטפול פאר'ן לעבען, און לענין ארבייט מיט לעבעדיגען מאטעריאל און וועט רואינירען די גאנצע רעוואלוציע. די באוואוסטזיניגע ארבייטער, וואס געהען נאך לענינען, דארפען באגרייפען, אז אויפ'ן רוסישען ארבייטער קלאס מאכט מען אזא אומברחמנות'דיגען עקס־פערימענט, וואס וועט פארניכטען די בעסטע קרעפטען פון די אר־בייטער און וועט אויף לאנג אבשטעלען די נארמאלע ענטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואלוציע.

1917

## מיין פארראט.

מען באשולדיגט מיך שוין, אז נאך א „צוואנציג־יאהריגען די־נען צו דער דעמאקראטיע" האב איך „אראפגעווארפען די מאסקע" און פארראטען מיין פאלק.

די הערערען באלשעוויקעס האבען א געזעצליך רעכט צו בא־צייכענען מיין אויפפיהרונג ווי זיי ווילען, נאר איך דארף דער־מאנען אט די הערערען, אז די אויסגעצייכענטע גייסטיגע מעלות

פונ׳ם רוסישען פאָלק האָבען מיר קיינמאָל ניט פאַרבלענדט די אויגען, איך בין קיינמאָל ניט געפאַלען קיין כורעים פאַר דער דע־מאָקראַטיע, און זי איז ביי מיר ניט אַזא הייליגטום, וואָס מען טאָר באַין אופן ניט קריטיקירען.

אין 1911 האָב איך אין דעם אַרטיקעל וועגען „שרייבער־אַוי־טאָדאַקטען״ געזאָגט: ״געמיינהייטען טאָר מען ניט פאַרדעקען, און אויב אונזער פויער איז אַ חיה, דאַרף מען דאָס זאָגען; און אויב אַן אַרבייטער זאָגט: איך בין אַ פּראָלעטאַריער! — מיט דעם זעלביגען עקעלהאַפטען טאָן פון אַ מענשען, וואָס געהערט צו אַ באַזונדערע קאַסטע, ווי, *למשל*, אַן אַדעליגער זאָגט: איך בין אַן אַדעליגער! — דאַרף מען אָט דעם אַרבייטער גוט אויס־לאַכען״.

איצטער, ווען אַ געוויסער טייל פון דער אַרבייטער מאַסע, וואָס איז אויפגערייצט געוואָרען פון די צוואַווילדעוועטע באַהערשער פון איהר ווילען, ציינט אַרויס דעם גייסט און מאַנירען פון אַ קאַסטע, באַנוצט געוואַלט און טעראָר, דעם זעלביגען געוואַלט, געגען וועלכען עס האָבען אַזוי העלדיש געקעמפט איהרע בעסטע פיה־רער, איהרע באַוואוסטזיניגע חברים — איצט, פאַרשטעהט זיך, קען איך ניט געהן אין די רייהען פון אָט דעם טייל פונ׳ם אַרביי־טער קלאַס.

איך האַלט, אַז פאַרשטאָפּען מיט פויסט דאָס מויל פון דער „ריעטש״ און אַנדערע בורזשואַזע צייטונגען נאָך דערפאַר, וואָס זיי זיינען פיינדליך צו דער דעמאָקראַטיע — איז אַ בזיון פאַר דער דעמאָקראַטיע.

פיהלט דען די דעמאָקראַטיע זיך ניט גערעכט אין איהרע האַנד־לונגען און האָט זי דען מורא פאַר דער קריטיק פון שונאים? זיי־נען די קאַדעטען אַזוי אידעען־שטאַרק, אַז באַזיעגען זיי קען מען נאָר דורך פיזישע קראַפט?

באַזייטיגען די פּרעסע־פרייהייט איז אַ פיזישער געוואַלד־טאַט, און דאָס פּאַסט ניט פאַר דער דעמאָקראַטיע.

האַלטען פאַרשפּאַרט אין טורמע דעם אַלטען רעוואָלוציאָנער בורצעוו׳ן, אַ מענשען, וואָס האָט ניט איין קרעפטיגען קלאַפּ דער־לאַנגט דער מאָנאַרכיע, האַלטען איהם אין טורמע נאָר דערפאַר,

וואס ער פארטיפט זיך אין זיין ראָלע פון א סאניטאר פון פּאָליטישע פּארטייען — דאס איז א שאנדע פאר דער דעמאָקראטיע. האל־טען אין טורמע אזעלכע מענשען, ווי א. וו. קארטאשאָוו, אזעלכע טאלאנטפולע ארבייטער, ווי מ. וו. בערנאצקי, און אזעלכע קול־טורעלע טוער, ווי עס איז א. י. קאָנאָוואלאָוו, וואס האט ניט ווינ־ציג גוטס געטאָן פאר זיינע ארבייטער — דאס איז א שאנדע פאר דער דעמאָקראטיע.

שרעקען מיט טערא‌ר און פּאָגראָמען מענשען, וואס ווילען ניט קיין אנטייל נעהמען אין משוגע'נעם טאנץ פון הערר טראָצקי אויף די רואינעס פון רוסלאנד — דאס איז א בזיון און א פאר־ברעכען.

1917

# איהר אליין זענט שולדיג!

אין דער „פּראוודא" איז אָפּגעדרוקט:

„גאָרקי האָט אָנגעפאנגען צו ריידען מיט דער שפּראך פון א שונא צום ארבייטער קלאס".

דאס איז ניט קיין אמת. ווענדענדיג זיך צו די מעהר בא־וואוסטזיניגע פּאָרשטעהער פונ'ם ארבייטער קלאס, זאָג איך:

פאנאטיקער און לייכטזיניגע פאנטאזיארען וועקען אויף אינ'ם ארבייטער־קלאס האָפנונגען, וואס קענען ניט פארווירקליכט ווערען אונטער די איצטיגע היסטאָרישע באדינגונגען, שלעפּען אוועק דעם פּראָלעטאריאט צו מפּלות און א חורבן, און די מפּלה פונ'ם פּראָ־לעטאריאט וועט אין רוסלאנד ארויסרופען א לאנגע פינסטערע רעאקציע.

ווייטער איז אין דער „פּראוודא" אָפּגעדרוקט:

„יעדע רעוואָלוציע מוז איינשליסען אינ'ם פּראָצעס פון איהר אקטיווער ענטוויקלונג א גאנצע רייהע פון נעגאטיווע ערשיינונ־גען, וועלכע זיינען אומפארמיידליך פארבונדען מיט'ן בראך פון

דער אַלטער טויזענט־יאָהריגער רעגירונגס־אָרדנונג. דער יונגער גבור, וואָס שאַפט דאָס נייע לעבען, פאַרטשעפּעט מיט זיינע קרעפּ־טיגע מוסקול־הענט דעם פרעמדען, צופּוילטען וואוילזיין, און די קליין־בירגער, גראַד יענע, וועגען וועלכע גאָרקי האָט געשריבען, פאַנגען אָן צו קלאָגען וועגען דעם אונטערגאַנג פון דער רוסישער רעגירונג און קולטור.״

איך קען ניט רעכענען אַלס אומפאַרמיידליכע אַזעלכע פאַקטען, ווי דאָס צוראַבעווען פון׳ם נאַציאָנאַלען פאַרמעגען אין׳ם ווינטער, גאַטשינער און אַנדערע פּאַלאַצען. איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ שייכות מיט׳ן „ברוך פון דער טויזענט־יאָהריגער רעגירונגס־אָרד־נונג״ עס האָט די פאַרניכטונג פון דעם קליינעם טעאַטער אין מאָסקווע און די גנבה אין דעם טואַלעט־צימער פון אונזער באַ־וואוסטער אַקטריסע, מ. נ. יערמאָלאָווא?

איך האָב קיין חשק ניט איבערצעהלען די באַוואוסטע אַקטען פון די אומזיניגע פּאָגראָמען און רויבערייען, איך וויל נאָר באַ־שטעטיגען, אַז די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר אָט דער שענדליכער אַרבייט, וואָס ווערט געטאָן דורך כוליגאַנעס, פאַלט אויך אויף דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז, וואַהרשיינליך, ניט בכח צו אויסראָטען אין זיינע רייהען דעם כוליגאַניזם.

ווייטער: „דער יונגער גבור, וואָס שאַפט דאָס נייע לעבען״, מאַכט אַלץ אוממעגליכער צו דרוקען ביכער, ווייל עס זיינען פאַ־ראַן זעצער, וועלכע אַרבייטען אויס נאָר אַכט־און־דרייסיג פּראָ־צענט פון דער נאָרמע פאַר קינדער, וואָס איז באַשטעטיגט געוואָ־רען פון דעם זעצער־פאַראיין גופא.

דער פּראָלעטאַריאַט וואָס איז קוואַנטיטאַטיוו זעהר שוואַך צווישען דער הונדערט־מיליאָנענדיגער דאָרפישער האַלב־אומווי־סענדער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד, וואָלט געדאַרפט פאַרשטעהן, ווי וויכטיג עס איז פאַר איהר דאָס פרייז־רעדוצירטע בוך און די אויסברייטונג פון בוך־דרוקערייען. צו זיין אומגליק, פאַרשטעהט ער דאָס ניט.

ער דאַרף אויך פאַרשטעהן, אַז ער זיצט אויף שפּיזען, און דאָס איז — ווי באַוואוסט — ניט קיין פעסטער טראָן.

און בכלל — זיינען פאַראַן אַ סך „נעגאַטיווע ערשיינונגען", — אָבער וואָס־זשע זיינען די פּאָזיטיווע ? מען באַמערקט זיי ניט, ווען מען זאָל ניט רעכענען די „דעקרעטען" פון לענינ'ען און טראָצ־קי'ן, נאָר איך צווייפל צי דער פּראָלעטאַריאַט נעהמט אַ באַוואוסט־זיניגען אנטייל אין דער שאַפונג פון אָט די „דעקרעטען". ניין, אויב דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט זיך באַציגען גאַנץ באַוואוסט־זיניג צו אָט דער פאַפירענער שאַפונג — וואָלט זי זיכער ניט ארויס־געקומען, ווי זי קומט אַרויס.

דער אַרטיקעל אין דער „פּראַוודאַ" פאַרענדיגט זיך מיט דער פאָלגענדער לירישער פראַגע :

„ווען עס וועלען זיך ביים ליכטיגען יום טוב פון די פעלקער צוזאַמענגיסען אין איין ברידערליכען אימפּולס די פריהערדיגע אומפרייוויליגע שונאים, צי וועט אויף יענער שמחה זיין אַן אנ־געלעגטער גאַסט גאָרקי, וואָס איז אַזוי שנעל אַוועק פון די רייהען פון דער אמת'ער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע ?"

פאַרשטעהט זיך, ניט דער פאַרפאַסער פונ'ם אַרטיקעל, ניט איך וועלען דערלעבען ביז דעם „ליכטיגען יום־טוב". — עס איז נאָך אַ היבשער מהלך צו איהם, עס וועלען נאָך פאַרבייגעהן צעהנ־דליגע יאָהרען פון עקשנות'דיגער, אַלטעגליכער קולטורעלער אַר־בייט, כדי צו באַשאַפען דעם יום־טוב.

און אויף אַ יום־טוב, וואו דער דעספּאָטיזם פון דער האַלב־אומוויסענדער מאַסע וועט פייערן איהר לייכטען זיג און, ווען די מענשליכע פּערזענליכקייט וועט בלייבען אונטערדריקט ווי אַמאָל, ווי שטענדיג — אויף אַזאַ יום־טוב האָב איך ניט וואָס צו טאָן און ביי מיר איז דאָס גאָר קיין יום־טוב ניט.

ביי וועמען אין די הענט די מאַכט זאָל ניט זיין — בלייבט ביי מיר איבער דאָס מענשליכע רעכט זיך באַציהען צו איהר קריי־טיש.

ספּעציעל באַציה איך זיך מיט חשד, מיט אומצוטרויען צום רוס, וואָס שטעהט ביי דער מאַכט, — אַ נאָר וואָס געוועזענער שקלאַף, ווערט ער דער אומבאַשרענקטעסטער דעספּאָט, ווען ער באַקומט די מעגליכקייט צו ווערען דער הערשער פון זיין חבר.

1917

# ווארפט ניט אזוי מיט באַשולדיגונגען !

נאך גאר ניט לאנג צוריק האָט מען מיך באשולדיגט, אז איך האב „זיך פארקויפט צו די דייטשען" און „פארראט רוסלאנד", איצט באשולדיגט מען מיך, אז איך האב „זיך פארקויפט צו די קאדעטען" און „פארראט די זאך פונ'ם ארבייטער־קלאס".

פערזענליך באריהרען מיך ניט אָט די באַציהונגען, רעגען מיך ניט אויף, נאר — פיהרען מיך ארויף אויף ניט קיין פרעהליכע, ניט קיין געהויבענע געדאנקען וועגען די מאָראלע געפיהלען פון די באשולדיגער, וועגען זייער סאָציאלען זעלבסט־באוואוסטזיין.

הערט זיך נאר איין, מיינע העררען, — ווארפט איהר ניט צו לייכט איינער דעם אנדערן אין פנים אריין אָט די אלע געמיינינקע באשולדיגונגען אין פארראט און אין מאָראלער וואקלונג? ווייל אויב מען זאָל אייך גלויבען — איז גאנץ רוסלאנד באוואוינט פון מענשען, וועלכע האלטען אין איין זאָרגען, ווי אזוי זי צו פאר־קויפען, טראכטען נאר, ווי אזוי צו פארראטען איינער דעם צווייטען !

איך פארשטעה: דאָס געדעטעניש פון פראָוואָקאטאָרס און אוואנטוריסטען אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג האָט אין אייך געמוזט ענטוויקלען דעם נאטירליכען געפיהל פון אומצו־טרויען פון איינעם צום אנדערן און בכלל צום מענשען, איך פאר־שטעה, אז אָט דער שענדליכער פאקט האָט געמוזט פאר'סמ'ען מיט'ן וועהטאָג פון שארפען חשד אפילו זעהר געזונטע מענשען.

נאר דאך, ווארפענדיג איינער דעם אנדערן אזוי זאָרגלאָז באַ־שולדיגונגען אין מסירה, פארראט, צביעות, שטעלט איהר זיך מן הסתם גאנץ רוסלאנד פאר, ווי א לאנד, וואָס איז באפעלקערט מיט אומאָרענטליכע און געמיינע מענשען, אבער איהר זענט דאך אויך רוסען.

ווי איהר זעהט — איז דאָס זעהר אמוזאנט, אבער נאך מעהר — נעפעהרליך, ווייל צוביסלאך און אומבאמערקבאר קענען יענע, וואָס נעמען אן אָנטייל אין אָט דעם שמוציגען שפיל, זיך אליין איינ־ריידען, אז באמת איז גאנץ רוסלאנד א לאנד פון אומאָרענטליכע

און פאַרקויפטע נשמות און דערפאַר — זיינען מיר אליין אויך ניט זעהר לויטער.

טראַכט זיך נאָר אריין: די רעוואָלוציע ווערט ביי אונז געמאַכט אָט מיט יאַפּאַנעזישע, אָט מיט דייטשע געלדער, די קאָנטער־רעוואָלוציע — מיט׳ן געלט פון די קאַדעטען און ענגלענדער, אָבער וואו איז די רוסישע נישט־גייציגקייט, וואו איז אונזער צוקלונגענע געוויסענהאפטיגקייט, אונזער אידעאליזם, אונזערע העלדען־לעגענדען וועגען די עהרענהאפטיגע קעמפער פאַר פרייהייט, אונזער דאָן־קיכאָטיזם און אלע אנדערע גוטע אייגענשאפטען פונ׳ם רוסישען פאָלק, וואָס זיינען אזוי צופּויקט געוואָרען אי פון דער מינדליכער אי פון דער געשריבענער רוסישער ליטעראַטור.

איז דאָס אלץ — א ליגען?

באַגרייפט, — באַשולדיגענדיג איינער דעם אנדערן אין געמיינהייטען, באַשולדיגט איהר זיך אליין, די גאַנצע נאַציאָן.

לייענסט דעם בייזען בריף פון דעם באַשולדיגער און ניט־ווילענדיג קומען דיר ארויף אויפ׳ן געדאַנק די ווערטער פון עפּעס אַן אָרלאָווער פויערל:

„ביי אונז איז דאָס גאַנצע דאָרף לויטער שכורים; ס׳איז נאָר דאָ איין צדיק, איז ער אויך א נאַר.״

און עס דערמאָנט זיך דיר יענע שעהנע, געזעצליכע ענטרים־טונג, וואס איך האָב באָאָבאַכטעט ביי די ארבייטער, ווען די שוואַרץ־מאה׳דיגע „רוסקאָיע זנאַמיא״ האָט באַשולדיגט די „ריעטש״ אין צושאַרען זיך צו די געלדער פון די פינלענדער, אָדער עסקימאָסען.

— „די אויסוואורפען האָבען גאָרניט וואָס צו זאָגען, נו, ריידען זיי דאָס העסליכסטע, וואָס זיי קענען נאָר אויסטראַכטען.״

מיר דוכט, אז איך שרייב גענוג קלאָר, פאַרשטענדליך, און אז די דענקענדע ארבייטער דאַרפען מיך ניט באַשולדיגען אין „פאַרראַט צו דער זאַך פונ׳ם פראָלעטאַריאַט״. איך רעכען דעם ארבייטערקלאַס פאַר א מעכטיגער קולטורעלער מאַכט אין אונזער פינסטער מוזשיקען־לאַנד און מיט׳ן גאַנצען האַרצען ווינש איך דעם רוסישען ארבייטער א קוואַנטיטאַטיווע און קוואַליטאַטיווע

ענטוויקלונג. איך האב ניט איין מאל געזאגט, אז די אינדוסטריע איז איינע פון די יסודות פון קולטור, אז די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע איז נויטיג, כדי צו ראטעווען דאס לאנד, כדי דאס צו אייראפעאיזירען, אז דער פאבריק־ארבייטער איז ניט נאר א פיזישע, נאר אויך א גייסטיגע קראפט, ניט נאר קיין אגענט פון פאר יענעם, נאר א מענש וואס פארקערפערט אין לעבען זיין ווילען, זיין פארשטאנד. ער הענגט ניט אפ פון די סטיכישע קרעפטען פון דער נאטור, ווי עס הענגט אפ פון זיי דער פויער, וועמעס שווערע פראצע איז אומזיכבאר, בלייבט ניט אין דער צייט. אלץ, וואס דער פויער ארבייט אויס, פארקויפט ער און עסט אויף, זיין גאנצע ענערגיע ווערט אריינגעזאפט אין דער ערד, דעם ארבייטער'ס פראצע אבער בלייבט אויף דער ערד, באשעהנט זי און העלפט ווייטער באהערשען די נאטור־קרעפטען אין די אינ־טערעסען פונ'ם מענשען.

פון אט דער פארשידענהייט אין דער ארבייטס־טעטיגקייט שטאמט דער טיפער חילוק צווישען דער נשמה פונ'ם פויער און דער נשמה פונ'ם ארבייטער, און איך קוק אויף דעם באוואוסט־זיניגען ארבייטער, ווי אויף דעם אריסטאקראט פון דער דע־מאקראטיע.

טאקע: די אריסטאקראטיע צווישען דער דעמאקראטיע, — דאס איז די ראלע פונ'ם ארבייטער אין אונזער מוזשיקען־לאנד, אט אזוי דארף זיך טאקע פיהלען דעם ארבייטער. צום באדויערן, האט ער דאס נאך דערווייל ניט געפיהלט. עס איז קלאר, ווי הויך עס איז מיין אפשאצונג פון דער ראלע פונ'ם ארבייטער קלאס אין דער קולטורעלער ענטוויקלונג פון רוסלאנד, און איך האב ניט קיין גרונד איבערצובייטען אט די אפשאצונג. א חוץ דעם, האב איך פשוט ליב אן ארבייטער, איך פיהל עפעס א מין בלוט־פארוואנדשאפט מיט איהם, איך פיהל ליבע און אכטונג צו זיין גרויסער ארבייט. און צולעצט, — האב איך ליב רוסלאנד.

די פאלקס־קאמיסארען שמייכלען שפאטיש, א, זיכער! נאר דאס ארט מיך ווינציג. יא, איך האב ליב רוסלאנד שמערצליך און אומרוהיג, איך האב ליב דאס רוסישע פאלק.

מיר, רוסען, זיינען אַ פאָלק, וואָס האָט נאָך ניט געאַרבייט פריי, וואָס האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו אַנטוויקלען אַלע זיינע קרעפטען, אַלע פעהיגקייטען, און ווען איך טראַכט, אַז די רעוואָלוציע וועט אונז געבען אַ מעגליכקייט פריי צו אַרבייטען, פריי צו שאַפען, — ווערט מיין האַרץ פול מיט האָפנונג און פרייד אַפילו אין אָט די פאַרשאָלטענע טעג, וואָס זיינען פאַרפלייצט מיט בלוט און געוויין.

פון דאַנען אָן פאַנגט זיך אָן די ליניע פון מיין ענטשידענער און אומפאַראייננבאַרער באַציהונג צו דער אומזיניגער טעטיגקייט פון די פאָלקס-קאָמיסאַרען.

איך האַלט, אַז דער אידעאַלער מאַקסימאַליזם איז זעהר נוצליך פאַר דער צוטרייסעלטער רוסישער נשמה, ער דאַרף אַנטוויקלען אין איהר גרויסע און געוואַגטע פאָדערונגען, אַרויסרופען די שוין לאַנג-נויטווענדיגע טעטיגקייטס-פעהיגקייט, דעם אַקטיוויזם, אַנטוויקלען אין אָט דער פאַרשלאָפענער נשמה די איניציאַטיווע און בכלל — איהר געבען אַ געשטאַלט און לעבעדיגקייט.

נאָר דער פּראַקטישער מאַקסימאַליזם פון די אַנאַרכיסטיש-געזאָנענע קאָמוניסטען און פאַנטאַזיאָרען פון סמאָלני איז פאַר רוסלאַנד אַן אומגליק, און, פריהער פון אַלץ — פאַר דעם רוסישען אַרבייטער קלאַס.

די פאָלקס-קאָמיסאַרען באַציהען זיך צו רוסלאַנד, ווי צו מאַטעריאַל פאַר עקספּערימענטען, דאָס רוסישע פאָלק איז פאַר זיי—יענער פערד, אין וועלכען די געלערנטע באַקטעריאָלאָגען שפּריצען אַריין טיפוס-באַצילען, כדי עס זאָל אויסאַרבייטען די אַנטי-טיפוס-פליסיגקייט. אָט טאַקע אַזאַ ברוטאַלען עקספּערימענט, וואָס איז לכתחילה פאַר׳משפט אויף אַ דורכפאַל, מאַכען די קאָמיסאַרען מיט דעם רוסישען פאָלק, פאַרקלערען זיך גאָר ניט אויף אַ מינוט, אַז דאָס אויסגעמאַטערטע האַלב-טויטע פערד קען איינגאַנצען אוועקפגר׳ן.

די רעפאָרמער פון סמאָלני האָבען גאָר רוסלאַנד ניט אין זין, קאַלט-בלוטיג פיהרען זיי זי אַלס קרבן צו זייער טרוים פון אַל-וועלטליכער אָדער אייראָפּעאישער רעוואָלוציע.

אין די היינטיגע באַדינגונגען פון דעם רוסישען לעבען איז

ניטאָ קיין פּלאַץ פאר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ווייל מען קען דאָך ניט, „לויט אַן אוקאַז פון אויבען", פארוואַנדלען די 85 פּראָצענט פון דער פויערישער באפעלקערונג פון'ם לאַנד אין סאָציאַליסטען. דערצו זיינען נאָך אין לאַנד פאראַן עטליכע צעהנדליג מיליאָנען פרעמד געבירטיגע נאַמאַדען.

פון אָט דעם אומזיניגען עקספּערימענט וועט פריהער פון אַלץ ליידען דער ארבייטער קלאַס, ווייל ער איז דער אוואַנגאַרד פון דער רעוואָלוציע און ער וועט דער ערשטער פארניכטעט ווערען אין דעם בירגער־קריעג. און אויב דער ארבייטער קלאַס וועט צוקלאַפּט און פארניכטעט ווערען, הייסט דאָס, אַז די בעסטע קרעפטען און האָפנונגען פון לאַנד וועלען פארניכטעט ווערען.

דערפאר טאַקע זאָג איך, ווענדענדיג זיך צו די ארבייטער, וואָס פארשטעהען זייער קולטורעלע באַדייטונג אין לאַנד: דער פּאָליטיש־געבילדעטער פּראָלעטאַריער דאַרף מיט קאָפּ נאָכאמאָל דורכקוקען זיין שייכות צו דער רעגירונג פון די פּאָלקס־קאָמיסאַרען, דאַרף זעהר פּאָרזיכטיג זיך באַציהען צו זייער סאָציאַלען שאַפען.

מיין מיינונג איז אַזאַ: די פּאָלקס קאָמיסאַרען מאַכען אַ תל־עולם פון'ם ארבייטער קלאַס פון רוסלאַנד, זיי קאָמפּליצירען זעהר אומגעלומפּערט די ארבייטער־באַוועגונג; זיי פיהרען זי אויסער די גרעניצען פון פארנונפט און באַשאַפען אויסערגעוועהנליך־שווערע באַדינגונגען פאַר דער גאַנצער צוקונפטיגער ארבייט פון'ם פּראָלעטאַריאַט און פאַר דעם גאַנצען פּראָגרעס פון'ם לאַנד.

מיר אַרט ווייניג, ווי מען וועט מיך דערפאר רופען אין דער „רעגירונג" פון די פּאָלקס־עקספּערימענט־מאַכער און פאַנטאַזיאָרען, נאָר איך בין ניט גלייכגילטיג צום גורל פון'ם ארבייטער קלאַס פון רוסלאַנד.

און ביז איך קען נאָך, וועל איך האַלטען אין איין ריידען צום ארבייטער קלאַס: — מען פיהרט דיך צום אונטערגאַנג, מען באַנוצט זיך מיט דיר, ווי מיט אַ מאַטעריאַל פאר אַן אוממענשליכען עקספּערימענט, אין די אויגען פון דיינע פיהרער ביסטו נאָך אַלץ ניט קיין מענש!

1917

# אין דעם שטראָם פון דער רעוואָלוציע.

יא, — מיר לעבען דורך אַ שטורם פון די פינסטערסטע ליידענשאַפטען. די פאַרגאַנגענהייט האָט צועפענט איהרע טיפסטע תהומות און באַוויזען דעם מענשען אין זיין גאַנצער שרעקליכער העסליכקייט. האַס און נקמה הערשען אומעטום, די חיה אין דער מענשליכער ברוסט, אויפגערייצט ביז משוגעת דורך יאָהרען פון געפאַנגענשאַפט, געפייניגט פון אומ־מענשליכע ליידען אינ׳ם משך פון גאַנצע יאָהרהונדערטער, האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפענט איהר פיסק, וואָס לעכצעט נאָך נקמה, ברומט טריאומפירענד, אומגעצוימט, זוכט וועמען זי קען פאַר־שלינגען. נאָר אַלץ וואָס איז נידעריג און העסליך אויף דער וועלט האָבען מיר אַליין געמאַכט און מאַכען נאָך איצטער. שעהנקייט און פאַרנונפט, צו וועלכער מיר שטרעבען, לעבען אָבער פאָרט אין אונז.

דער נעכטיגער שקלאַף לערנט זיך היינט אויס צו באַגרייפען די פרייד פון לעבען. דער, וואָס האָט ניט קיין אמונה אין דער ברידערליכקייט פון דער מענשהייט, ביי דעם האָט דאָס לעבען קיין חן; דער מענש, וואָס איז ניט איבערצייגט אין דעם זיעג פון ליבע, ביי דעם האָט דאָס לעבען ניט קיין זין.

יא, מיר לעבען ביז׳ן האַלז אין שמוץ און אין בלוט, דיקע וואָלקענס פון נידערטרעכטיגקייט און איבעל פאַרדעקען אונזערע קעפּ און פאַרטונקלען אונז די אויגען, עס שיינט, אַז די וואולגאַ־ריטעט האָט פאַרניכטעט דעם שעהנעם חלום, וואָס מיר האָבען געצערטעלט, ניט קוקענדיג אויף יסורים און גיהנום־ליידען, אַלע פאַקעלען, וואָס מיר האָבען אַמאָל אָנגעצונדען צו באַלייכטען אונז דעם וועג, וועלכער האָט אונז געזאָלט פיהרען צו אַ נייער און בע־סערער וועלט, זיינען ווי אויסגעלאָשען, דאָך וועט די מענשהייט געווינען. ווייל דאָס איז דער גרויסער זין פון לעבען אויף דער וועלט. דאָס לעבען האָט ניט קיין אַנדער זין.

נאָר אפשר זיינען מיר, נאָך אַלעמען, טאַקע פאַרמשפּט צום

אונטערגאַנג! איז דען ניט בעסער פאַרברענט צו ווערען אין דעם שרעקליכען פייער פון דער רעוואָלוציע איידער צו פוילען אויף דער מיסט־קופּע פון דער מאָנאַרכיע, ווי מיר האָבען געפוילט ביז די רעוואָלוציע איז געקומען?

די צייט איז, ווייזט אויס, געקומען, ווען מיר רוסען מוזען אָפּטרייסלען פון זיך די שקלאַפעריי פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווען מיר מוזען פון אַזעלכע לעבענס אָפּרייניגען דעם שמוץ פון יאָהר־הונדערטער, מיר מוזען טויטען אונזער שקלאַפּישע פוילקייט, מיר מוזען בודק זיין אונזערע געוואוינהייטען און מיינונגען, איבערקוקען אונזערע אידעאַלען און אונזער אַרט לעבען, לאָמיר אָנגורטען אונזערע לענדען און אַרויסגעהן, ווי פעהיגע און מוטיגע אַרבייטער, און זיך אַ נעהם טאָן איבערצובויען אונזער פּלאַנעט.

אונזער לאַגע איז היינט זעהר טראַגיש. באמת אָבער צייגט דער מענש אַרויס זיינע בעסטע און ערהאַבענסטע זייטען אין אַ טראַגישער לאַגע!

עס איז ניט לייכט צו לעבען. אַזוי פיל געמיינער האַס איז אַרויסגעשוואומען אויף דער אויבערפלאַך פון לעבען, אַז דער הייליגען צאָרן, וואָס וואָלט געהאַט ביד צו פאַרניכטען אָט די געמיינהייט, קען נאָך אַליין אונטער איהר דערטרונקען ווערען.

סינעזיוס, דער בישאָפ פון פטאָלעמיי, האָט אַמאָל געזאָגט:

„דער פילאָזאָף מוז האָבען רוהיגקייט, אָבער דעם פעהיגען שטייערמאַן לערנען און ערציהען נאָר שטורעמס".

לאָמיר גלויבען, אַז יענע, וואָס וועלען ניט אונטערגעהן אינ'ם שטורם און כאַאָס פון אונזער צייט, וועלען ווערען שטאַרק, וועלען פאַרהאַרטעוועט ווערען און געבען אַ מעכטיגען ווידערשטאַנד די אַמאָליגע בעסטיאַלישע פּרינציפּען פון לעבען.

היינט איז דער טאָג ווען קריסטוס איז געבאָרען געוואָרען. זיין געבורט איז געוועזן פאַר דער ליידענדער מענשהייט איינער פון די גרעסטע סימבאָלען, וואָס דער מענש האָט באַשאַפען אין זיין שטענדיגען קאַמף פאַר רעכט און שעהנקייט.

קריסטוס איז דער אייביגער אידעאַל פון רחמנות און מענשליכקייט; פּראָמעטעאוס איז דער פיינט פון די געטער, דער ערשטער רעבעל געגען גורל. די מענשהייט האָט אין ערגעץ ניט

באשאפען קיין פרעכטיגערע זאך, ווי די דאָזיגע צוויי פארקער־פערונגען פון זיינע אייגענע פארלאנגען.

עס וועט קומען א צייט, ווען די דאָזיגע צוויי סימבאָלען פון רחמנות און גוטסקייט, הויכען גלויבען און ווילדען קוראזש, וועלען זיך צונויפגיסען אין דער מענשליכער נשמה אין איין וואונדערבארען געפיהל, ווען די מענשהייט וועט באגרייפען איהר אייגענעם ווערט, די שעהנקייט פון איהרע שטרעבונגען, ווי אויך די בלוט־פארוואנדשאפט, וואס בינדט צווישען זיך צוזאמען די מענשען.

אין היינטיגער צייט, וואס איז אזוי פול מיט שרעק פאר אונז, אין היינטיגער צייט, וואס איז אזוי פול מיט שרעקליכע אויפשטאנדען, בלוט און האס, טאָרען מיר אויף קיין רגע ניט פארגעסען, אז מיר זיינען ארויף אויף א זעהר שווערען וועג, כּכדי צו באפרייען דאס לעבען פון די שווערע, פארראָסטעטע קייטען פון דער פארגאנגענהייט.

לאָמיר גלויבען אין זיך, לאָמיר זיין הארטנעקיג און זיך ניט אונטערגעבען אין אונזער קאמף. אלץ איז אין אונזער מאכט, און אין דער גאנצער נאטור איז ניטאָ קיין געזעץ א חוץ אונזער פארשטאנד און ווילען.

צו אייך, וואס פיהלען זיך איינזאם אין דעם שטורם פון די געשעהענישען; צו אייך, וועמעס הערצער עס ווערען צוריסען פון ביטערע ספקות, וועמעס געדאנקען עס ווערען געדריקט פונ׳ם שווארצען וועהטאָג — מיין הערצליכער גרוס.

מיין גרוס אויך צו אלע וואס שמאכטען אומשולדיג אין די טורמעס.

1917

## ניט מיר האָבען חרוב געמאכט די וועלט.

דריי יאָהר פון גרויזאמער זינלאָזער אויסשלאכטונג, דריי יאָהר, אז דאס בלוט פון די בעסטע פעלקער פון דער וועלט גיסט זיך, ווי וואסער, די בעסטע מחות פון די קולטורעלע ראסען פון אייראָפּא ווערען פארניכטעט.

פראַנקרייך, „די פיהרערין פון דער מענשהייט", בלוטעט ביז טויט; איטאַליען, „די שעהנסטע מתנה, וואָס די געטער האָבען געשענקט צו אונזער טרויעריגער וועלט", שטעהט פאַר אַ גענצ־ליכער חורבן; ענגלאַנד, וואָס „צייגט מיט איהר רוהיגען שטאָלץ די וואונדער פון ארבייט פאַר דער גאַנצער וועלט", מאַכט איהר לעצטע פאַרצווייפעלטע אָנשטרענגונג, די „ארבייטסזאַמע מענשען פון גערמאַניען" האַלטען ביי דערוואָרגען ווערען אין די אייזערנע נעגעל פון דער מלחמה.

בעלגיום, רומעניען, סערביען און פוילען זיינען רואינירט, די טרוימענדע, שוואַכע רוסלאַנד, דאָס לאַנד, וואָס האָט נאָך קיינ־מאָל ניט געלעבט, האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט קיין געלעגענ־הייט צו צייגען דער וועלט איהר באַהאַלטענע קראַפט, איז עקאָנאָ־מיש און גייסטיג צוריסען.

נייצעהן הונדערט יאָהר האָט איירָאָפּאַ געפּרעדיגט מענש־ליכקייט אין די קלויסטערס, וואָס זי פאַרניכטעט איצטער דורך באָמבעס, אין ביכער, מיט וועלכע סאָלדאַטען צולעגען איצט פייער. און אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט איז הומאַניזם פאַרגעסען און פאַרשפּאָט. וואָס די אומענגאַאיסטישע וויסענשאַפט האָט באַשאַ־פען, איז קאָנפיסקירט געוואָרען פון שאַנדלאָזע מערדער און אויס־גענוצט געוואָרען צו פאַרניכטען די מענשהייט.

וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבען אַלע דרייסיג־יאָהריגע מלחמות און הונדערט־יאָהריגע מלחמות פון דער פאַרגאַנגענהייט אין פאַר־גלייך מיט אָט די דריי יאָהר פון אויסשלאַכטונג? וואו קען מען געפינען אַ באַרעכטיגונג פאַר אָט דעם ביישפּיללאָזען פאַרברעכען געגען דער קולטור פון אונזער פּלאַנעט?

עס קען ניט זיין קיין באַרעכטיגונג פאַר אָט דער שרעקליכער זעלבסט־פאַרניכטונג. וואָס היפּאָקריטען זאָלען ניט דערצעהלען וועגען די גרויסע „צוועקען" פון דער מלחמה, קענען זייערע ליגענס ניט פאַרדעקען דעם שענדליכען אמת: אַז אָט די מלחמה איז גע־באָרען געוואָרען דורך גייציגקייט, די איינציגע געטין, וועמען עס אַנערקענען און דינען אָט די מערדער, וועלכע האַנדלען מיט די לעבענס פון דער מענשהייט.

אין יעדער נאַציאָן האָבען אָט די געמיינע ברואים געשטעמ־

פעלט אלע מענשען, וועלכע גלויבען אינ׳ם ענדליכען נצחון פון׳ם אידעאַל פון מענשליכע ברידערליכקייט, אלס משוגעים, אלס געפעהרליכע און הארצלאָזע, אלס פאַנטאַזיאָרען, וואָס האָבען ניט ליב דאָס פאַטערלאַנד.

זיי האָבען פאַרגעסען, אַז קריסטוס, יאָהאַן פון דמשק, פראַנציס פון אסיזי, לעוו טאָלסטאָי און אלע אנדערע האלב־געטער און איבערמענשען, וואָס זיינען דער שטאָלץ פון דער מענשהייט און וואָס ווערען פאַרגעטערט, זיינען אויך געווען אַזעלכע פאַנטאַזיאָרען. יענע, וועלכע זיינען גרייט צו פארניכטען מיליאָנען לעבענס פאַר קילאָמעטערס פון לאַנד, גלויבען ניט אין גאָט און ניט אינ׳ם טייוועל. ביי זיי האָבען די לעבענס פון זייערע מיט-בירגער אַ קלענערען ווערט פון שטיינדלאַך, זייער ליבע צום פאַטערלאַנד איז ניט מעהר, ווי אַן ערוואָרבענע גייסטיגע געוואוינהייט. זיי פאָדערען צו לעבען פונקט ווי זיי זיינען צוגעוואוינט געוואָרען צו לעבען, און זאָל די גאַנצע וועלט אפילו צוריסען ווערען אויף שטיקלאַך.

דריי יאָהר האָבען זיי געלעבט ביז׳ן האלז אינ׳ם בלוט פון מיליאָנען מענשען, וואָס איז פארגאָסען געוואָרען, נאָר ווייל זיי האָבען דאָס געוואָלט.

אָבער ווען זיי וועלען שוין האָבען אויסגענוצט די קראַפט פון די מאַסען, ווען אין זיי וועט ווידער אויפפלאַמען די ענטשיידונג פון פיהרען אַ ריינעם מענשליכען לעבען, וואָס וועט מאַכען אַ סוף צו אָט דעם בלוטיגען משוגעת, — דעמאָלט וועלען די, וואָס האָבען פארניכטעט, אויסשרייען:

מיר זיינען ניט שולדיג! ניט מיר האָבען חרוב געמאַכט די וועלט, ניט מיר האָבען פארניכטעט און געפּלינדערט אייראָפּאַ.

אָבער ווען יענע צייט וועט קומען, האָפּען מיר, אַז „די שטימע פון פאָלק", וואָס וועט זיין „„די שטימע פון גאָט", וועט קלינגען העכער פון דעם שרייענדסטען ליגען. זאָלען אלע די, וואָס גלויבען אינ׳ם זיעג איבער שאַנדלאָזיגקייט און משוגעת, פאַראייניגען זייערע קרעפטען.

ווייל נאָך אלעמען איז דער פארנונפט שטענדיג דער זיגער.

1917

# נייע באדינגונגען — א נײ פאלק.

וואס וועט דאס נייע יאהר ברענגען? אלץ, וואס מיר זיינען פעהיג צו מאכען.

מיר מוזען אבער גלויבען, אז אט די בלוט־און שמוץ־באפלעק־טע טעג, זיינען די גרויסע געבורטס־טעג פון א נייער רוסלאנד.

עס איז א בלוטיגער געבורט, צווישען די קראכענדע רואינען פון די אלטע לעבענס־פארמען אונטער די צופוילטע חורבות פון די שמוציגע היילען, אין וועלכע די מענשען האבען געקעמפט פאר לופט צו אטעמען אין א משך פון דריי הונדערט יאהר, אין וועלכע זיי האבען זיך אנגעזאפט מיט שנאה, צווישען אט דעם אויסברוך פון דער גאנצער דעגראדאציע און נידערטרעכטיגקייט, וואס האט זיך אנגעזאמעלט אין אונז אונטער דער שווערער משא פון מאָ־נארכיזם, אין אט דעם אויסברוך פון א גאנצען וואולקאן פון טומאה, שטארבט אויס דאס אלטע רוסיש פאלק, דער זעלבסט־צופרידענער פוילאק און טרוימער. און אויף זיין פלאץ קומט אן דער מוטיגער, געזונטער ארבייטער, דער באשאפער פונ'ם נייעם לעבען.

דער נייער רוס איז ניט אנציהענד, וויי־ניגער אנציהענד ווי ווען עס איז פריהער. נאך אלץ אין שרעק פאר דער דויערהאפ־טיגקייט פון זיין זיג, נאך אלץ אומפעהיג פאלקאמען צו געניסען די פרוכט פון זיין באפרייאונג, פארדעקט ער זיך אין פאנצער פון קליינליכער שנאה, כדי זיך צו פארזיכערען נאך אמאל און אבער אמאל אין דעם אומגלויבליכען אמת, אז ער איז טאקע פריי. ווי טייער באצאהלט ער אליין פאר זיינע עקספערימענטען, פאר אט דער פארזיכערונג!

נאר דאס לעבען, אט דער שטרענגער אומברחמנות'דיגער לעהרער, וועט איהם שנעל ווידער בינדען מיט דער קייט פון נויט־באדערפטיגקייט, וועט איהם צווינגען צו ארבייטען, און אין זיין פאראייניגטער ארבייט וועט ער פארגעסען די קליינליכע שענד־ליכע אינסטינקטען, וואס איבען איצטער נאך אוים אויף איהם זייער קראפט.

נייע מענער און פרויען וועלען באשאפען נייע באדינגונגען — נייע באדינגונגען באשאפען נייע מענער און פרויען.

און פון דעם היינטיגען וועהטאָג וועלען קומען נייע מענער און פרויען, וואָס וויסען ניט דעם עלענד פון שקלאַפעריי, וואָס ווערען שוין מעהר ניט פארקריפּעלט דורך אונטערדריקונג, מענער און פרויען, וועמעס אייגענע פרייהייט וועט זיי מאַכען אומפעהיג צו אונטערדריקען אנדערע.

לאָמיר באַגעגענען דאָס נייע יאָהר מיט גלויבען, אַז דער מענש וועט זיך אויסלערנען ליב צו האָבען ארבייט און פארשטעהן איהר זין. ארבייט, וואָס ווערט געטאָן מיט ליבשאפט, איז ניט קיין שקלאַפעריי, נאָר שאפונג.

ווען דער מענש וועט זיך אויסלערנען ליב צו האָבען ארבייט צוליב ארבייט, וועט די וועלט מיט איהר גאַנצען פּראַכט ווערען זיינע טאָקע אויף אַן אמת.

1917

## בריף פון פרויען.

די אינטערעסאַנטסטע בריף, וואָס איך באקום, זיינען געשריבען פון פרויען. אין די דאָזיגע בריף שפּיגעלט זיך אָפּ אונזער שטורמישע געגענוואַרט; זיי זיינען פול מיט אַנגסט און צאָרן. אָבער עס פיהלט זיך ניט אין זיי אַפּאַטיע, ווי אין די בריף פון די מענער. יעדער פרויען־בריף איז אַן אויסגעשריי פון אַ לעבעדיגער נשמה, וואָס ווערט אונאויפהערליך געמאַטערט.

די אַלע פרויען־בריף מאַכען דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען געשריבען געוואָרען פון איין פרוי, פון איהר — דער מוטער פון לעבען, פון איהר — וואָס האָט געגעבען דער וועלט אַלע ראַסען און פעלקער, פון איהר — וואָס האָט געבאָרען און געטראָגען און טראָגט אין איהר טראַכט אַלע גענִיעס, פון איהר — וואָס האָט געהאָלפען דעם מאַן פארוואַנדלען דעם חיה׳שען אינסטינקט אין דעם איידעלען עקסטאַז פון ליבע.

די דאָזיגע בריף זיינען דער געשריי פון אַ נשמה, וואָס האָט אריינגעבראַכט פּאָעזיע אין לעבען, וואָס האָט באַגייסטערט צו

קונסט און וואָס ווערט כסדר פאַרפאָלגט פון אַן אייביגען פאַר־לאַנג נאָך שעהנהייט און פרייד.

די בריף, וועגען וועלכע איך רעד דאָ, זיינען פול מיט'ן יאָמער פון מוטערס אויף דער קאָרופציאָן פון מענשליכען געשלעכט, אויף דעם וואָס די מענשהייט ווערט ווילד, גרויזאַם, וואולגאַר און פאַר־לירט יעדען געפיהל פון עהרע. די דאָזיגע בריף זיינען פול מיט קללות געגען די באָלשעוויקעס, געגען די פויערים און ארבייטער.

„הענגט זיי, שיסט זיי, מאַכט פון זיי אַלעמען אַ תל", — פאָדערען די פרויען, די מוטערס און ערציהערינס פון אַלע העלדען און הייליגען, פון אַלע געניעס, פאַרברעכער, די מוטערס פון יעזוסעס און פון די יודא'ס.

די מוטער, וואָס טראָגט אַ שנאה צו טויט, פאַרניכטונג און יעדען סאָרט גרויזאַמקייט, זי וואָס איז דעם מאַנ'ס גרעסטע פאַר־הערליכונג, זי וואָס פיהרט דעם מאַן צו אַלעם שעהנעם און גרויסען, זי וואָס איז דער קוואַל פון לעבען און דיכטונג — זי שרייט: „שיס, הענג, טויט".

מיר שטעהען פנים אל פנים ערב דער פאַרניכטונג פון אַל די הערליכקייט, מיט וועלכער די געשיכטע האָט באַקרוינט די פרוי. איז דאָס מעגליך, אַז די פרויען פיהלען ניט זייער גרויסען קולטור־רעלען ווערט, פיהלען ניט זייער שעפּפערישע קראַפט, וואָס זיי לאָזען זיך באהערשען פון דער פאַרצווייפלונג, וואָס די רעוואָלו־ציאָנערע טעג האָבען אויפגעלעבט אין זייערע נשמות?

איך וויל ניט שטעלען מעהר קיינע פראַגען. איך וועל בלויז מאַכען אַ פּאָר באַמערקונגען.

איהר פרויען ווייסט, אַז יעדער געבורט איז באַגלייט פון וועהען, אַז איטליך ניי לעבען ווערט געבאָרען אין בלוט, — דאָס איז די איראָניע פון דער בלינדער נאַטור. ווי חיות שרייט איהר אין מאָמענט פון ענטבונדען ווערען, און זעליג שמייכעלט איהר מיט דעם שמייכעל פון אַ מאַדאָנאַ, ווען איהר פרעסט דאָס נאָר־וואָס געבאָרענע קינד צו אייער הארץ.

איך וואַרף אייך ניט פאָר אייער חיה'שען געשריי. איך פאַר־שטעה דעם אונערטרעגליכען פיין, וואָס האָט איהם ארויסגערופען, וואָרים איך אליין ווער אויך כמעט מאַכטלאָז פון אַזוינע יסורים,

כאָטש איך בין קיין פרוי ניט. און איך האָף מיט מיין גאַנצער נשמה, אַז מיט'ן שמייכעל פון דער מאַדאָנא אויפ'ן פּנים וועט איהר אין גיכען פרעסען צו אייער האַרץ דאָס ניי־געבאָרענע קינד פון רוסלאַנד.

מען דאַרף שטענדיג האָבען אין זינען, אַז אַ רעוואָלוציאָן ברענגט שטענדיג אַרויס ניט בלויז גרויזאַמקייטען און פאַרברע־כענס, נאָר אויך פילע טאַטען פון העראָאיזם, עהרע, אָפּפערווייליג־קייט און אונאייגענניצינגקייט. זעהט איהר עס דען ניט? זעהט איהר עס אפשר ניט דערפאַר, וואָס איהר זייט פאַרבלענדט געוואָרען פון דעם האַס און קריג?

דער פערציג יעהריגער בירגער־קריג אין אכצעהנטען יאָהר־הונדערט האָט באַשאַפען אַ שרעקליכע ברוטאַליטעט אין פראַנק־רייך, אַ שוידערליכע גרויזאַמקייט, אָבער ס'אַרא גוטען איינפלוס האָט געהאַט אַ זשולי רעקאַמיע. עס זיינען פאַראַן נאָך פילע אַזוינע ביישפּילען אין דער געשיכטע, וואו פרויען האָבען גענומען אַ גרויסען אַנטייל אין דער ענטוויקלונג פון געפיהלען פון יושר און מענשליכקייט. עס איז נאַטירליך פאַר אייך, מוטערס, צו זיין פרייגיביג אין אייער ליבע צו דער מענשהייט, אָבער קאַרג אין אייער האַס.

אָבער די באָלשעוויקעס? גיט אַ טראַכט, אַז זיי זיינען, פּונקט ווי מיר, לעבעדיגע וועזענס, געבאָרען פון מוטערס, און עס איז אין זיי ניטאָ מעהר חיה'שעס, ווי אין אונז אַלעמען. די באַ־דייטענדסטע פון זיי זיינען וואונדער־באַרע מענשען, מיט וועמען די צוקינפ־טיגע געשיכטע פון רוסלאַנד וועט שטאָל־צירען און אונזערע קינדער און קינדס־קינדער וועלען באוואונ־דערען זייער ענערגיע. זייערע טאַטען מעגען קריטיקירט ווערען אויפ'ן שאַרפסטען אופן, מעג מען זיך אפילו באַציהען צו זיי מיט פאַראַכטונג, וואָס מען טוט אייגענטליך צו זיי שוין אפשר אין אַ גרעסערער מאָס, ווי זיי האָבען עס פאַרדינט. זיי זיינען אַרומגערינגעלט פון שונאים מיט אַ שטיקענדער אַטמאָספערע פון האַס און, וואָס עס איז פיל ערגער פאַר זיי, מיט אַ היפּאָקריטישער, פוקסישער, שקלאַפישער פריינדשאַפט פון די, וואָס לויערען אויף

זיי, כדי ווי וועלף זיי קענען פארצוקען, אבער וועלכע, לאמיר האָ־פען, וועלען פגר'ן ווי הינד.

פארטיידיג איך די באָלשעוויקעס? גיין איך ארבייט געגען זיי, אבער איך פארטיידיג די מענ־שען, וועמעס עהרליכע איבערצייגונגען זיינען מיר באקאנט, אין וועמעס עהרליכקייט איך צווייפעל ניט. איך וויים, זיי מאכען א גרויזאמען ווי־סענשאפטליכען עקספערימענט אויף דעם לעבעדיגען קערפער פון רוסלאנד. איך פאר־שטעה ווי צו האסען, אבער איך ציה פאר צו זיין גערעכט. געווים, געווים, זיי זיינען באגאנגען שרעקליכע טעות'ען — אבער גאָט אליין האט געמאכט א גרויסען טעות, וואָס ער האט אונז באשאַ־פען פיל טעמפער, ווי מיר האבען אייגענטליך געדארפט זיין, די נאטור אליין האט געמאכט פילע טעות'ן. מיר דארפען זיי ניט אורטיילען פון שטאנדפונקט פון אונזערע פארלאנגען און אידעאַ־לען, וועלכע קענען זיין אין געגענזאץ צו זייערע. ניט קאָנענדיג איצט זאָגען באשטימט צו וועלכע פאָליטישע רעזולטאטען זייער טעטיג־קייט וועט סוף כל סוף פיהרען, באהויפט איך אבער, אז די באָל־שעוויקעס האבען שוין א גרויסען פארדינסט פאר'ן רוסישען פאָלק דערמיט, וואס זיי האבען אויפגעוועקט אין די מאסען אן אינטע־רעס צו די איצטיגע געשעהענישען, וואס אהן דעם וואלט אונזער לאנד פארניכטעט געוואָרען.

אבער איצט וועט אונזער לאנד ניט ווערען פארניכטעט, ווייל דאס פאָלק האט ערוואכט פון דער אפאטיע, צו א נייע לעבען ער־וואכט און נייע קרעפטען ווערען צייטיג אין איהם, זיי שרעקען זיך ניט פאר די וואהנזיניגע פאָליטישע אינאַוואטאָרס און ניט פאר די גייציגע אויסלענדישע רויבער, וואס גלויבען שוין צופיל אין זייערע כחות. רוסלאנד לעבט איצט איבער די שרעקליכסטע געבורטס־וועהען פון א נייעם לעבען, — ווילט איהר דען ניט, אז א נייע, שעהן און מענשליך רוסלאנד זאלען געבאָרען ווערען אזוי שנעל ווי מעגליך?

אבער ווייסט, מוטערס — שנאה און האס זיינען שלעכטע הייבאמען.

# נעכטען און היינט.

נעכטען איז געווען דער טאָג פון דעם גרויסען ליגען — דער לעצטער טאָג פון זיין מאַכט.

פאַר דורות גאַנצע האָבען מענשען, ווי שפּינען, פלייסיג גע־וועבט פּאָדים נאָך פּאָדים דאָס שפּינוועבס פון אַ פאַרזיכטיגען, קליינליכען, היפּאָקריטישען לעבען, פאַמעלינקע אָנפילענדיג עס מיט אַלץ מעהר ליגענס און זשעדנעקייט. דער מענש דאַרף זיך שפּייזען אויפ'ן פלייש און בלוט פון זיין מיט־מענשען; די פּראָ־דוקציאָנס־מיטלען, די וואפען אינ'ם קאַמף מיט דער נאַטור, זיינען בלויז מיטלען פאַר אונטערדריקען די מענשען — דער דאָזיגער צינישער ליגען איז באַטראַכט געוואָרען אלס אַן אומפאַרענדערלי־כער אמת.

און נעכטען האָט דער דאָזיגער וועג געבראַכט די מענשהייט צו דער משוגעת פונ'ם גרויסען אייראָפּעאישען קריג. דער רויטער שיין פון אָט דעם קאָשמאַר האָט באַלויכטען די גאַנצע מיאוס'ע נאַקעטקייט פון דער אור־אַלטער, איינגעפונדעוועטער פאַלשקייט, און מיר זעהען איצט, ווי די פונדאַמענטען פון דער אַלטער וועלט טרייסלען זיך, און זי ווערט צושמעטערט אויף שטיקלאַך; איהרע טונקעלע סודות ווערען פאַרעפענטליכט. אפילו די, וועלכע זיינען געווען בלינד, האָבען געעפענט זייערע אויגען און קאָנען זעהן די גאַנצע מיאוס'קייט פונ'ם עבר.

היינט איז דער טאָג פון נקמה פאַר אַלע פאַלשקייטען, וואָס האָבען געהערשט נעכטען. דעם פאָלק'ס געדולד האָט שטורמיש געפּלאַצט און פאַרניכטעט די אָפּגעלעבטע לעבענס־אָרדנונג, וועלכע קאָן שוין ווידעראַמאָל ניט צוריקגעשטעלט ווערען. נאָך ניט דער גאַנצער אָפּגעלעבטער עבר איז פאַרניכטעט געוואָרען, אָבער ער וואט פאַרניכטעט ווערען — מאָרגען.

אינ'ם היינט איז דאָ אַ סך גרוויזאַמעס, אָבער עס איז נאַ־טירליך און פאַרשטענדליך. איז עס ניט נאַטירליך, אַז מענשען, וועלכע זיינען אָנגעשטעקט מיט די שטאַרקע סמ'ען פון דער אַל־טער אָרדנונג — אַלקאָהאָל און סיפילים — זאָלען ניט זיין מוט־וויליג? איז עס ניט נאַטירליך פאַר מענשען צו גנב'ענען — ווען דאָס גנב'ענען איז געוועז דאָס פונדאַמענטאַלע געזעץ פונ'ם נעכטען? איז עס ניט נאַטירליך, אַז צעהנדליגע, הונדערטע, טויזענדער מענשען זאָלען גע'הרג'עט ווערען, נאָכדעם ווי מיר זיינען צוגעוואוינט געוואָרען אינ'ם משך פון פיר יאָהר צו אויס־שלאַכטען זיי מיליאָנען־ווייז? דער זאָמען פון נעכטען ברייננט די פרוכטען אינ'ם היינט; די איצטיגע צייט איז ברוטאַל, אָבער זי איז ניט קיין קינד פונ'ם היינט. בייזקייט ווערט געשאַפען דורך דער מענשליכער מאַכט; אַלץ עקזיסטירט אַ דאַנק דעם מענשען. צווישען די חורבות פון דער פאַרגאַנגענהייט קאָן מען זעהן קלאָר אַלע כחות, וועלכע האָבען זי צוזאַמענגעהאַלטען, און אַלץ וואָס איז ביז אהער געלעגען פאַרהוילען אין די הערצער פון די אונ־טערדריקטע — טרייבט זיי זעלבסט צו אונטערדריקונג.

עס איז אַ גאַנץ גרינגע עובדא צו געפינען חסרונות אינ'ם מענשען, ווי ער איז היינט צו טאָג — דער מענש שטעהט פנים אל פנים פאַר'ן שפיגעל פון דער געשיכטע אַ נאַקעטע חיה, וועלכע ווערט פאַרברענט פונ'ם פייער פון פאַרשפעטיגטער, נוצלאָזער נקמה.

מיר דאַרפען אָבער געדענקען, אַז דער טאָג איז צו ליכטיג, דעריבער זיינען די שאָטענס אַזוי געדיכט. מיר דאַרפען פאַר־שטעהן, אַז אין דעם קויט, זאַמד און פאַרניכטונגס־כאַאָס פונ'ם היינט האָט זיך שוין אָנגעהויבען די גרויסע ארבייט פון דער באַ־פרייאונג פון דער מענשהייט פונ'ם אייזען־שטאַרקען שפינ־וועבס פון דער פאַרגאַנגענהייט, און די ארבייט איז אַזוי שווער און וועהטאָגדיג, ווי די יסורים פון חבלי־לידה. מיר דאַרפען ניט פאַר־געסען, אַז מיר זיינען די עדות ביים טויט פון דער אומגערעכטיג־קייט פונ'ם נעכטען, וועלכע לעבט איצטער דורך איהרע לעצטע שטונדען, צוזאַמען מיט'ן מענש פון נעכטען.

עס האָט גראַד פאַסירט, אַז די פעלקער וועלכע מאַרשירען

איצט צו דער לעצטער שלאכט פאר'ן טריאומף פון יושר, ווערען אַנגעפיהרט פון די אמוועניגסטען ערפאַהרענע און שוואכסטע קריגער — פון די רוסען. א פאָלק פון א לאנד, וועלכעס איז הינטערשטעליג עקאָנאָמיש און קולטורעל, א פאָלק, וועלכעס איז אויסגעמאַטערט דורך זיין פארגאנגענהייט מעהר ווי אירגענד אנ־דער פאָלק. ערשט נעכטען האָט די גאַנצע וועלט זיי באַטראכט אלס האלבע באַרבאַרען, און היינט, כמעט שטאַרבענדיג פון הונ־גער, מאַרשירען זיי צו א זיג אָדער צום טויט, מיט'ן מוט און קוראזש פון אלטע, ערפאהרענע קריגער.

יעדער איינער, וועלכער גלויבט אויפריכטיג, אז די אומווי־דערשטעהליכע שטרעבונג פון דער מענשהייט צו פרייהייט, שעהנ־קייט און א שכל'דיגען לעבען איז ניט קיין פוסטער חלום, אז עס איז א ווירקליכע קראפט, וועלכע איז אימשטאַנד צו באַשאַפען נייע לעבענס־פאָרמען, — יעדער עהרליכער מענש מוז אנערקענען די אוניווערסאלע באַדייטונג פון דער טעטיגקייט פון די ערנסטע רוסישע רעוואָלוציאָנרען.

די טעטיגקייט, וועלכע געהט איצט אָן אין רוסלאנד, דאַרף פאַרטייטשט ווערען אלס א גיגאַנטישער פארזוך צו פארווירקליכען אין לעבען יענע אידעאַלען און שלאַג־ווערטער, וועלכע זיינען באַשאַפען געוואָרען און הויך פראקלאמירט געוואָרען דורך די לעהרער פון דער מענשהייט, דורך אייראָפּאַ'ס קליגסטע לייט. נעכטען האָט דער אייראָפּעאישער סאָציאַליסטישער געדאַנק אָנגע־וויזען דעם וועג דעם רוסישען פאָלק. היינט קעמפט דער רוסישער ארבייטער פאר'ן טריאומף פונ'ם אייראָפּעאישען געדאַנק.

און אויב די עהרליכע רוסישע רעוואלוציאנערען, וועלכע זיי־נען זעהר ווייניג אין צאָהל, זיינען אויסגעמוטשעט פון הונגער און ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט פיינד, אויב זיי ווע־לען באזיגט ווערען, וועלען די פאָלגען פון דעם שרעקליכען אומ־גליק פאלען שווער אויף די אַקסלען פון א ל ע אייראפעאישע רעוואלוציאנערען, פון דעם ג א נ צ ע ן אייראפעאישען ארביי־טער קלאַס.

אויב דיזע קאטאסטראָפע זאָל פאסירען, וועלען די יעניגע, וועלכע פיהלען ניט, וועלכע פארשטעהען ניט דעם שרעקליכען

קאמף, וועלכען די רוסישע ארבייטער פיהרען איצטער אָן טאָג־איין, טאָג־אויס, מוזען באצאָהלען פאר דעם מיט זייער בלוט, מיט זייערע לעבענס.

דאָס עהרליכע הארץ שרעקט זיך ניט אָפּ, דער עהרליכער געדאנק וועט ביישטעהן יעדען נסיון, די עהרליכע האנט וועט ניט אויפהערען צו ארבייטען, כל זמן דאס הארץ שלאָגט נאָך.

דער רוסישער ארבייטער איז איבערצייגט, אז זיינע גייסטיגע ברידער וועלען ניט דערלאָזען, אז די רוסישע רעוואָלוציע זאָל דערשטיקט ווערען, אז זיי וועלען ניט ערלויבען די צוריקקעהרונג פון דער אלטער אָרדנונג, וועלכע האָט שוין באקומען א טויט־קלאַפּ, גוסס'ט און האלט אין פארשווינדען, און וועט פאר־שווינדען — אויב דער אייראָפּעאישער רעוואָלוציאָנערער געדאנק וועט פארשטעהן די גרויסע אויפגאבען פון היינטיגען טאָג.

# אַ פאַרטיידיגונג פון באָלשעוויזם.

די מלחמה איז געענדיגט. דער דייטשער אימפּעריאַליזם איז באַזיגט און וועט שווער באַשטראָפט ווערען פאַר זיין רוי־בערישער פּאָליטיק. דער פּראָלעטאַריאַט פון דייטשלאַנד, אויס־געמאַטערט פון קריג, אויסגעצערט פון הונגער, איז געצוואונגען טייער צו באַצאָהלען די זיגער דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אונ־טערוואָרפען דער קלאַסען־פּאָליטיק פון זיינע הערשער. די זיגער, וואָס האָבען מיט אַ קורצער צייט צוריק אָנגעזאָגט דער וועלט, אַז זיי האָבען פאַראורזאַכט די אויסשלאַכטונג פון מיליאָנען מענ־שען פאַר דעם זיג פון רעכט און פאַר דאָס גליק פון אַלעמען, האָבען איצט געצוואונגען דאָס דייטשע פאָלק זיך אונטערצוגעבען אונטער וואָפּענשטילשטאַנד באַדינגונגען, וואָס זיינען צעהן מאָל שווערער פון די באַדינגונגען פון דעם בריסקער אָפּמאַך און וואָס דראָהען דייטשלאַנד מיט אומפאַרמיידליכען הונגער. דער ציניזם פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק ווערט מיט יעדען טאָג אַלץ קלאָרער, און אַלץ אויגענשיינליכער פיהרט ער די פעלקער פון איירָאָפּאַ צו דער געפאַהר פון נייע מלחמות, נייער בלוטפאַר־גיסונג. פּרעזידענט ווילסאָן, וואָס האָט נאָך נעכטען אַזוי אי־בערצייגענד פאַרטיידיגט די פרייהייט פון פעלקער און די רעכט פון דעמאָקראַטיע, גרייט היינט צו אַ מעכטיגע אַרמעע „ווידער איינצופיהרען אָרדנונג" אין רעוואָלוציאָנערען רוסלאַנד, וואו דאָס פאָלק האָט איינגעזעהן זיינע געזעצליכע רעכט, האָט איבערגענומען די מאַכט אין זיינע הענט און שטרעבט, נאָך זיינע פעהיגקייטען, צו לייגען דעם פונדאַמענט פון אַ נייער געביידע פון שטאַאַט.

איך וועל ניט באַשטרייטען, אַז אָט די אויפבויאונגס אַרבייט איז אָפטמאָל באַגלייט געוואָרען מיט אומנויטיגער צושטערונגס־אַרבייט. איך וועל אויך ניט באַשטרייטען, אַז די אויפבויאונגס־

ארבייט געהט איצט אויך צוזאמען מיט א צושטערונגס פּראָצעס, וואָס קען ניט גערעכטפערטיגט ווערען אינגאַנצען. אָבער איך, מעהר ווי ווער עס איז אנדערש, האָב דאָס רעכט און די פליכט קלאָר צו מאכען אָט וואָס. די קולטורעלע, די שאַפונגס־ארבייט פון דער רוסלענדישער ארבייטער רעגירונג, וואָס געהט אָן אונטער די שווערסטע באדינגונגען און פּאָדערט הערּאאישע אָנשטרענגונגען, האלט איצט אין אָננעמען א מאסשטאב און א פאָרם, וואָס זיינען ביז איצט געווען אומבאקאנט אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. דאָס איז ניט קיין איבערטרייבונג. מיט א קורצער צייט צוריק בין איך געווען א געגנער פון דער רעגירונג און בין נאָך איצט אויך אין א סך פּרטים ניט איינפארשטאַנען מיט איהרע ארבייטס־מעטאָדען. דאָך אָבער וויים איך, אז די היסטאָריקער פון דער צוקונפט, ווען זיי וועלען נעמען אָפּשאַצען דעם ווערט פון דער ארבייט, וואָס די רוסישע ארבייטער האָבען אויפגעטאָן אין פארלויף פון א יאָהר, וועלען מוזען באוואונדערען די הערליכקייט פון זייער שאַפונגס ארבייט אויף דעם געביעט פון קולטור.

ניט דאָ איז דער אָרט צו נעמען באטראכטען איינצעלנע ביישפילען. איך וועל נאָר זאָגען, אז יעדער איינער, וועמען עס איז באמת טייער אָט דער פּראָצעס, דורך וועלכען דאָס רוסישע פאָלק נעמט זיך באטייליגען אין דער גייסטיגער טעטיגקייט פון דער אלוועלטליכער קולטור, און יעדער איינער, וואָס שטרעבט צו א באנייאונג פון דער וועלט, מוז און דאַרף זיין צופרידען מיט דער שנעלקייט און דעם פייערדיגען ענטוזיאזם, מיט וועלכען דאָס רוסישע פאָלק שטרעבט אויפצובויען א נייע לעבען און באקומען א טייל אין אלץ, וואָס די מענשהייט האָט געוואונען.

יע, עס איז ריכטיג, אז צוזאמען מיט אָט דער ארבייט, וואָס האָט א באדייטונג פאר דער גאנצער וועלט, זיינען אפשר גרויסע פעהלערען באגאנגען געוואָרען אין רוסלאנד, אפשר איז אָן אומנויטיגע גרויזאמקייט פּראַקטיצירט געוואָרען. אָבער וואָס פאר א באדייטונג האָבען אָט די פעהלערען און אָט די גרויזאמקייט אין פארגלייך מיט די שרעקליכע פארברעכענס פון דער גרויזאמער מלחמה, וואָס איז ארויסגערופען געוואָרען פון די ענגלישע און דייטשע אימפּעריאליסטען. האָט אפשר אָט די פארפלוכטע

מלחמה ניט ארויסגערופען די חיה אין אלע אייראפעאישע לענדער און אין די הערצער פון נאציאנען? האט אפשר אט די מלחמה ניט ערמארדעט אין דער מענשהייט דעם געפיהל פאר די ווערטען פון לעבען און דאס געפיהל פון אכטונג פאר ארבייט, וואס זיינען אזוי אויך געווען שוואך ענטוויקעלט?

צוליעב וואס פיהרען איצט די אימפעריאליסטען פון אייראפא און אמעריקא אן זייער אנגריף געגען רעוואלוציאנערען רוסלאנד? צוליעב דעם, וואס רוסלאנד פעהלט קולטור? צוליעב די פארברעכענס פון דער רוסישער רעוואלוציע געגען דער מענשהייט? צוליעב דעם, וואס די רוסישע ארבייטער זיינען געווען ניט גענוג גרויסמוטיג צו זייערע קלאסען־געגנער?

ניין, די שטעלונג איז גאר ניט אזוי שעהן, ניט אזוי אידעאליסטיש, ווי די אימפעריאליסטישע צייטונגען פון ענגלאנד, פראנקרייך, אמעריקא און יאפאן באשרייבען דאס. די שטעלונג איז א סך איינפאכער. די אימפעריאליסטען פון דריי קאנטינענטען שטרעבען אויפצובויען און צו פארפעסטיגען די פאליטישע באדינגונגען און אינסטיטוציעס, וואס זאלען פארזיכערען זייער מאכט איבער דעם ווילען פון פאלק. א דאנק אט די באדינגונגען, אונטער וועלכע אן אומבאדייטענדע מינאריטעט קען ענטשיידען וועגען דעם לעבען און טויט פון דער מאיאריטעט און ניט ווערען קאנטראלירט, האט אט די מינאריטעט ארויסגערופען די אומזיניגע, שרעקליכע אויסשלאכטונג.

אלע קלארע און עהרליכע מענשען אויף דער גאנצער וועלט קענען איצט זעהן פאלשטענדיג קלאר די פינסטערניש פון אפגרונד, די גרויזאמקייט און דעם עגאאיזם, די פאלשקייט און די אומזיניגקייט, וואס האלטען זיך אויף די יסודות פון דער קאפיטאליסטישער סאציאלער געביידע. עס איז צייט פאר עהרליכע און דענקענדע מענשען פון אלע געזעלשאפטליכע קלאסען איינצוזעהן, אז קאפיטאליזם האט פארלארען זיין שאפונגס פעהיגקייט און אז ער איז נאר א שווערע לאסט, אן איבערלעבעניש פון דער פארגאנגענהייט און א שטערונג פאר דער ענטוויקלונג פון דער אלוועלטליכער קולטור; אז ער רופט ארוים האס און פיינדשאפט צווישען פערזאנען, פאמיליען, קלאסען און נאציאנען; און אז

דער שעהנער טרוים פון פעלקער פארברידערונג קען ניט ווערען פארווירקליכט, אזוי לאַנג ווי דער קאמף געהט אָן צווישען ארבייט און קאַפּיטאל, א קאמף, וואס קען ניט פיהרען צו קיין שלום.

איך לייקען ניט אָפּ דעם פארדינסט פון קאפּיטאל פאר דעם ארבייטענדען טייל פון דער מענשהייט, פון וועמעס פלייש און בלוט ער האָט באשאפען די עלעמענטארע באדינגונגען פאר אן איבערגאנג צו נייע, פולערע, גערעכטערע לעבענס פאָרמען פון דער געזעלשאפט, דאָס הייסט, צום סאציאליזם. אבער איצט, זייט אָט די פארפלוכטע מלחמה האָט העל באלויכטען דאָס אלטע סיסטעם און האָט באוויזען, ווי ווערטלאָז, ווי ווייניג מענשליך, ווי הארצ־לאָז עס איז און האָט ארויסגעוויזען זיין אומזיניגקייט און פאר־פוילטקייט, איז דער טויט־אורטייל פון קאפּיטאליזם ערקלערט גע־וואָרען.

מיר, רוסען, א פאָלק, וואָס איז מיט רעכט באטראכט געוואָ־רען הינטערשטעליג אין קולטור; מיר, א פאָלק אָהן טראַדי־ציע און דעריבער מעהר וואגענד, מעהר רעבעלירענד און ווייניגער צוגעבונדען צו דער פארגאַנגענהייט, — מיר זיינען געווען די ערשטע ענטשידען צו באטרעטען דעם וועג, וואָס פיהרט צו דער פארניכטונג פון דער טראדיציע פון דעם קאפּיטאליסטישען קלאַס. און מיר זיינען איבערצייגט, אַז מיר האָבען א רעכט צו פאָדערען אין אונזער גרויסער ארבייט די סימפּאטיע און די מיטווירקונג פון דעם ארבייטער קלאַס פון דער גאנצער וועלט, פונקט ווי פון די מענשען, וואָס האָבען נאָך פאר דער מלחמה שארף און מיט רעכט קריטיקירט די סאָציאלע באדינגונגען, אונטער וועלכע דאָס פאָלק האָט געלעבט. אויב אָט די קריטיק איז דאן געווען אויפ־ריכטיג, דארפען אלע עהרליכע מענשען אין אייראָפּא און אמעריקא אנערקענען אונזער רעכט צו פארמירען אונזער לעבען, ווי מיר גע־פינען פאר נויטיג. אויב וועלכער עס איז טייל פון דעם אינטע־לעקטועלען קלאַס איז ווירקליך פאראינטערעסירט אין א לעזונג פון דער גרויסער סאָציאלער פראגע, דאן דארפען זיי אויפשטעהן אָהן מורא אנטקעגען די וואָס שטרעבען ווידער אויפצושטעלען די אלטע אָרדנונג; אנטקעגען די, וואס ווילען דערטרינקען די רוס־לענדישע רעוואָלוציע אין שטראָמען פון רוסישען בלוט; אנטקעג־

גען די, וואָס ווילען דערשלאָגען רוסלאנד און דאן זי בארויבען, פונקט ווי זיי האָבען פאר דער מלחמה געראויבט טערקיי און כינא, און ווי זיי קלייבען זיך איצט צו בארויבען דייטשלאנד. דאָס איז דער אמת'ער וואונש פון דעם אימפעריאליזם. דאָס איז זיין היילינע מיסיאָן.

וולאדימיר לענין האָט פעסט אין זיין האנט דעם פאקעל פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע, וואָס ווארפט זיין ליכט איבער דער גאנצער וועלט. דער פראָלעטאריאט און די אינטעלעקטועלע אר־בייטער מוזען ענטשיידען, ווער איז בעסער פאר זיי: די פאר־טיידיגער פון דער אלטער אָרדנונג, פארטרעטער פון דער הערשאפט פון דער מינאָריטעט, פון אן אָרדנונג, וואָס איז אפגעלעבט, טויג ניט פאר דער צוקונפט און איז פארדארבענד פאר דער קול־טור; אָדער דער אָנפיהרער און לעהרער פון די נייע סאָציאלע אידעאלען און געפיהלען, וואָס פארקערפערען אלע שעהנע געדאנ־קען פון די ארבייטער וועגען דעם גליק פון פרייער ארבייט און וועגען פעלקער פארברידערונג.

אין פארשיעדענע צייטען האָט כמעט יעדעס פאָלק זיך גע־פיהלט ווי א משיח, וואס איז בארופען צו ערלייזען די וועלט; האָט געפיהלט, אז אין איהם אליין ווערט געבאָרען די בעסטע און אי־דעאלסטע קראפט... און עס איז איצט קלאָר, אז אויך דאָס רו־סישע פאָלק, דאָס פארהונגערטע, פארמאטערטע פון דריי יאָהר־הענדערטער פון קנעכטשאפט, אויסגעצערטע פון דער מלחמה, און וואָס שטעהט איצט אין געפאהר צודריקט צו ווערען פון רויבער, אז אויך דאָס רוסישע פאָלק האָט איצט די געשיכטע ארויפגעלענט אָט די מיסיע. און אינמיטען פון די אלע געפאהרען זאָגט רוס־לאנד צו די ארבייטער און די רעכטדענקענדע מענשען פון דער גאנצער וועלט: קומט, געהט מיט אונז צו א נייעם לעבען, פאר וועמעס באשאפונג מיר שוינען ניט זיך אליין, ווי מיר שוינען ניט קיינעם און קיין זאך ניט! באגעהענדיג פעהלערען לאזען מיר איבער פאר דעם עהרליכען אורטייל פון דער געשיכטע אלע אונ־זערע האנדלונגען. קומט מיט אונז צו דער שלאכט אנטקעגען דער אלטער אָרדנונג, צו ארבייטען פאר די נייע לעבענס פארמען! פאָרווערטס צו דער פרייהייט און שעהנהייט פון לעבען!

# דער גרויסער שונא.

דער ר ו י ט ע ר מ ע נ ש און דער ש ו ו א ר צ ע ר מ ע נ ש פיהרען צווישען זיך א קאמף אויף דער ערד.

אין דעם נישט־געשטילטען דורשט פון דעם שווארצען נאך מאכט איבער מענשען באשטעהט זיין גאנצע קראפט.

א בייזער, א גרויזאמער און א גייציגער, האט ער פארשפרייט איבער דער וועלט זיינע גרויסע פליגלען און איינגעוויקעלט די ערד אין שווארצע שאטענס. זיין וואונש איז, אז דער מענש זאל איהם אליין דינען, און פארשקלאפענדיג די גאנצע וועלט מיט דער הילף פון אייזען, גאלד און ליגען, רופט ער צו גאט אליין, אז ער זאל אנערקענען זיין שווארצע מאכט איבער׳ן מענשען.

ער זאגט אזוי: „אלץ איז מיינס! איך בין מאכט — און דערפאר בין איך די נשמה און דער זין פון לעבען; איך בין דער הערשער איבער אלע מענשען. דער וואס איז געגען מיר, איז געגען דעם לעבען אליין, — דער איז א פארברעכער“.

דער שווארצער מענש איז דער דראכען, וואס די לעגענדעס דערצעהלען, אז ער לעבט אין די היילען פון די בערג.

די קראפט פון דעם ר ו י ט ע ן מ ע נ ש ע ן ליגט אין זיין הייסען וואונש צו מאכען דאס לעבען פריי, ראציאנאל און גלענצענד. זיין אונרוהיגער גייסט איז שטענדיג אנגעצונדען און באלייכט די פינסטערניש פון לעבען מיט דעם פיל־פארביגען אויפשיין פון שענקייט, מיט דער קרעפטיגענדער זוניגקייט פון אמת, און מיט די רוהיגע שטראלען פון ליבע. זיין געדאנק צינדט אומעטום אן א מעכטיגען פייער פון פרייהייט, וואס באלויכט מיט זיין העלען שיין אונזער פינסטערע בלינדע ערד און פארוויגט זי אין דעם זיסען טרוים פון גליק פאר אלע מענשען.

ער זאָגט אזוי: „די וועלט איז פאר אונז אלעמען! אלע זיינען גלייך. אין דער טיפעניש פון יעדען מענשענ׳ס הארץ לעבט א גאנצע וועלט פון שענקייט; קיין שום מענש טאָר ניט אין פאר־צווייפלונג מאכען פון זיך א טעמפּ געצייג פאר דער רויהער קראפט. קיין מענש טאָר זיך ניט אונטערוואַרפען דעם ווילען פון א צווייטען. קיינער האָט ניט קיין רעכט צו פארשקלאפען אונטער זיין ווילען אנדערע מענשען, — מאכט צוליב מאכט איז א פאר־ברעכען“.

דער רויטער מענש איז דער הייליגער געארגיוס, וואָס האָט געטויט דעם דראַכען, וואָס האָט פון אייביג אָן געקעמפט פאר שענקייט און פרייהייט געגען דער שלאַנג פון פאררעט.

אין אָט־דער שלאַכט פון דעם קעמפער פאר אמת געגען דעם מאָנסטער פון באטרוג באשטעהט דאָס גאנצע לעבען, אלע זיינע פריידען און ליידען, זיין פּאָעזיע און טראגיזם — די שעהנסטע און שטאַרקסטע לעגענדעס פון דער ערד.

צווישען דעם שווארצען און דעם רויטען שארט זיך דורך א באשיידען און אומרוהיג גרוי מענשעל. ער וויל פאר זיך א ווארם, זאַט און באקוועם לעבען, און ער איז צוליב דעם מקריב זיין נשמה, ווי א הונגעריגע פּראָסטיטוטקע איז מקריב איהר פאר־וועלקטען קערפּער. ער איז גרייט צו זיין א שקלאף פאר יעדען באלעבאָס, אבי נאָר צו פארזיכערען זיך מיט זאטקייט און רוהיג־קייט. עס איז פאר איהם אלץ איינס, ווער עס שפּייזט איהם, — א חיה אדער א מענש, אן אידיאָט אדער א געניע. דאָס גאנצע לעבען איז פאר איהם ניט מעהר, ווי א שפּיגעל, אין וועלכען ער זעהט נאָר זיך אליין. ער האלט זיך שטייף ביים לעבען, ווייל ער פארמאָגט אלע פעהיגקייטען פון א פּאראזיט. זיין נשמה איז דער טראָן פון דער שלומערענדיגער יאשטשערקע, וואָס איז באוואוסט אונטער׳ן נאָמען „באנאַליטעט“, און אין זיין הארץ האָט זיך באַ־זעצט די בלאסע מורא; זיין וואונש איז צו געניסען פּיעל, ער שרעקט זיך אבער פאר יעדער שטערונג, וואָס ער קאָן באגעגענען. ער איז אלע מאָל א פּראָוואָקאַטאָר און אויפהעצער.

ווען דער שווארצער מענש געווינט אין דער שלאַכט, זאגט ער צום רויטען:

„זעה, די רעאַקציע פּארשפּרייט זיך!"

און ווען עס זעהט אויס, אז דער קעמפּפער פאר פרייהייט און אמת קומט ארוים דער זיגער, זאָגט דער גרויער מענש צום שווארצען:

„היט זיך, די אנארכיע פארשפּרייט זיך!"

זיין אָפּגאָט איז אַלעמאָל איין־און־דערזעלביגער: אָ ר ד ע־נ ו נ ג! אפילו מיט'ן פּרייז פון דעם גייסטיגען טויט פון גאַנצען לאנד — אָרדנונג!

און אָרדנונג פאר איהם הייסט טויט פאר אַלעמען.

ווען ער זעהט, אז דער ש וו א ר צ ע ר מ ע נ ש ווערט פארמאטערט פון קאמף, מישט ער זיך אריין צווישען די צוויי, וואס קעמפען, און נארט זיי ביידען גלייך אָפּ.

מיט הכנעה און פארזיכט דערנעהענטערט ער זיך צום שווארצען מענשען.

„דאָס פאָלק איז דאָך ניט מעהר, ווי א סטאַדע פיה, און דארף האָבען א שטרענגען פאסטוך, אָבער איך גלויב, אז עס איז איצט צייט צו געבען זיי נאָך אביסעל פאשע. אויב דו ווערסט זיי עפּעס צוגעבען צו דעם גארנישט, וואס זיי האָבען איצט, וועלען זיי האָבען, אויב ניט אַלץ, וואס זיי פארלאנגען, איז ווענינגסטענס מעהר, ווי זיי האָבען איצט. דאָס וועט בארוהיגען די מאסען און פארקלענע־רען די געפאר, וואָס דראָהט מצד דעם רויטען מענשען, ווייל זיין גאַנצע קראפט ליגט אין זייער אומצופרידענקייט; און דעריבער גיב מיר איבער די גאַנצע זאַך — און איך וועל שוין דאָס אויס־גלייכען".

און די זאַך ווערט איבערגעגעבען אין זיינע הענט, און ער זעהט שוין צו שאפען פאר זיך אליין א ווארעם, זאַט און באקוועם לעבען.

דער שווארצער מענש, פארבינדענדיג זיך מיט'ן גרויען, ווערט אביסעל ווענינגער גרויזאם, דערפאר אבער אביסעל נארישער און טעמפּער אין זיין לעבענסלאַזער פארגליווערטקייט. דער רויטער מענש ווערט אַלץ געוואַגטער און דער גרויער מענש זאָגט דעמאָלט צו איהם אזוי:

„עס איז איצט שוין רעכט צייט צו זעהן דערנעהענטערען דאָס

לעבען צו אונזער אידעאל. אבער איהר קאָנט פאר אלעמען מיט־אמאָל ניט יוצא זיין. לאָמיר טון אביסעל איצט און אביסעל מאר־גען, ביז וואנען אלע וועלען סוף כל סוף באקומען אלץ, אין וואס זיי נויטיגען זיך. די קראפט פון דעם קלוגען מענשען באשטעהט אין זיין קלוגער אויסגערעכענטקייט! דער שווארצער מענש וועט זיך אונטערגעבען, אויב דו וועסט נאָר האנדלען פארזיכטיג. לאָז מיך, איך וועל שוין מיט איהם אויסקומען אויפ'ן פריינדליכ־סטען אופן".

און צי מען בעט איהם, אָדער ניט, באנוצט ער זיך שוין מיט דער געלעגענהייט און פארזאָרגט זיך שוין מיט א ווארימען, זאטען און באקוועמען לעבען!

דער רויטער מענש ווערט ווידער שוואכער און בלאסער, און דער שווארצער הויבט ווידער אָן ארויסצואווייזען זיין גאנצע מאכט. דאָס לעבען ווערט ווידער שטיל און פינסטער. עס ווערט שווע־רער צו אָטעמען. דער גרויער מענש האָט איצט הנאה פון דער רוהיגקייט.

ער קאָן אמאָל טאָן א טובה פאר גארנישט; אין אנדערע פאלען וועט ער זיך לאזען באצאָלען. עס איז גאר נישטאָ אזא זאך, אויף וואס ער זאל ניט זיין גרייט. אָבער ער וועט קיינמאָל קיין זאך ניט טאָן אויף אן אמת, און וואָס ער זאל כלומרשט ניט טאָן, איז ער קיינמאָל ניט נאָבעל אדער שעהן.

דער דאָזיגער קליינליכער, פאלשער אויסוואורף וועט שטענדיג אויסקלייבען פאר זיך דעם מיטעלען וועג און שטערען דער ענדגיל־טיגער דערגרייכונג פון דעם אידעאל, צו וועלכען די צוויי עקסטרע־מע מענשען שטרעבען.

אריינרייסענדיג זיך מיט חוצפה צווישען זיי ביידען, פאר־מישט ער אין זיין אָהנמאכטיגקייט די קאָלירען פון לעבען אין א פארבלאָזער, שמוציגער און נודנער גרויקייט.

דער גרויער מענש פארהאלט בלויז דאס אומפארמיידליכע אפשטארבען פון דעם, וואס איז שוין לאנג טויט געווען און ליגט, ווי א שטרויכלונג, אויפ'ן וועג פון די לעבעדיגע; ער איז דער איי־ביגער שונא פון אלץ, וואָס איז קלאָר, אָפען און מוטיג...

# רוסלאנד און די וועלט ליטעראטור.

(פארווארט צום ערשטען קאטאלאג פון באלשעוויסטישען פארלאג „וועלט־ליטעראטור”).

איז עס באמת נויטיג צו פארלירען ווערטער וועגען דעם, ווי וויכטיג עס איז צו שטודירען די וועלט־ליטעראטור אדער, אמוויי־ניגסטענס, צו באקענען זיך מיט איהר? ליטעראטור איז דאס הארץ פון דער וועלט און איז באפליגעלט פון אלע פריידען און זארגען, האפנונגען און טרוימען, פארצווייפלונג און שוידער, וואס דער מענש פיהלט אין אנגעזיכט פון די געהיימניסען פון לעבען. דאס דאזיגע הארץ פון דער וועלט רייסט זיך צו זעלבסטערקענטניש.

אויסערדעם קאן ליטעראטור אנגערופען ווערען: דאס אלץ זעהענדיגע אויג פון דער וועלט, וואס זיין בליק דרינגט אריין אין די טיפסטע געהיימניסען פון מענשליכען גייסט. דאס בוך, וואס זעהט אויס אין אונזערע אויגען ווי א גאנץ געוועהנליכע זאך, איז באמת איינס פון די גרעסטע און געהיימניספולסטע וואונדער פון דער וועלט. עס האט עמיץ, פאר הונדערט מיילען ווייט פון אונז, אן אומבאקאנטער, וואס רעדט נאך אפט אויף אן אנדער שפראך, ווי מיר, געמאכט אויף פאפיר צייכנונגען, וואס מיר רופען ווערטער; און קוקען מיר אויף זיי דערפילען מיר אויף א געהיימניספולען אופן דעם זין פון די אלע ווערטער, געפילען, געדאנקען, בילדער; עס ענטציקען אונז די נאטור־באשרייבונגען, דער ריטם פון דער שפראך, די מוזיק פון די ווערטער. און לעזענדיג די דאזיגע זייטען ווערט פאר אונז אנטפלעקט דאס לעבען פון א מענשען. וואס כאטש מיר קענען איהם ניט, איז ער אונז אבער נאהענט. דאס בוך איז אפשר דער קאמפליצירטסטער און גרעסטער פון אלע וואונדער, וואס דער מענש האט געשאפען אויף זיין וועג צו גליקזעליגקייט און גליקליכער צוקונפט.

עס איז נאך ניט דא קיין וועלט־ליטעראטור, ווייל מיר האבען נאך ניט קיין געמיינזאמע שפראך; אבער יעדע ליטעראַרישע

שעפונג, אין פּאָעזיע און אין פּראָזאַ, איז דורכגעדרונגען מיט די זעלבע געפילען, געדאַנקען, אידעאַלען; מיט דעם שטרעבען פון דער מענשהייט נאָך דעם גליק פון פרייהייט פון גייסט; מיט האָפנונג אויף בעסערע לעבענס באַדינגונגען און מיט דעם אוני־ווערסאַלען דורשט נאָך עפּעס וואָס מען קען מיט קיין ווערטער און געדאַנקען ניט איבערגעבען, וואָס מען קאָן קוים אויפנעמען מיט די חושים; מיט יענעם געהיימניספולען „עפּעס", וואָס מיר באַ־צייכנען מיט'ן וואָרט „שענהייט". יעדע ליטעראַרישע שעפונג איז דורכגעדרונגען מיט אָט יענעם „עפּעס", וואָס שפּראַצט פאַנאַנדער אַלץ העלער און פּרעכטיגער אין דער וועלט און אין אונזער האַרץ.

ווי שטאַרק עס זאָלען ניט זיין די אונטערשידען צווישען נאַציאָנען, ראַסען און איינצעלנע מענשען; ווי עס זאָלען אונז ניט צושיידען די אויסערע אונטערשידען צווישען די שטאַטען, רע־ליגיעס און זיטען; ווי טיף עס זאָל ניט זיין דער אָפּגרונד צווי־שען קלאַסען — איבער די אַלע אָבגרונדען, וואָס מיר אַליין האָבען איינגענטליך באַשאַפען, — טונקעלט דאָס שוואַרצע און דראָהענדע געשפּענסט פון דער טראַגעדיע פון לעבען און דאָס באַוואוסטזיין פון דער מענשליכער איינזאַמקייט אויף דער וועלט.

די געהיימניס פון געבורט פאַרהילט אונזער קומען און דער סוד פון קבר באַדעקט אונזער אַוועקגעהן. צוזאַמען מיט אונזערע פּלאַנעטען ווערען מיר אין דעם אומענדליכען רוים געשליידערט. מיר רופען איהם אָן דאָס אוניווערזום, אָבער מיר האָבען ניט קיין גענויע פאַרשטעלונג פון איהם, און דאָס מאַכט נאָך גרעסער אונ־זער איינזאַמקייט.

אָט די איינזאַמקייט פון די מענשען אויף דער וועלט באַ־גרייפען ניט אַלע, אָבער אַ שוואַכע אהנונג דערפון איז איינגע־פלאַנצט אין יעדען פון אונז. אָט דער טרויער האָט דורכגעדרונגען און געקוועלט דעם ענגלענדער בייראָן, דעם איטאַליענער לעאָפּאַר־די און דעם גרויסען חכם פון אזיען — לאַאָ־טע.

און אָט דער פּיין, וואָס שטאַמט פון דער אונזיכערהייט פון לעבען, געפינט זיך אין יעדען פון אונז, וואָס האָט דעם מוט מיט אָפענע אויגען צו קוקען אויפ'ן לעבען. און ווען אַמאָל קומען אַ צייט, ווען די מענשען וועלען אָט די מורא איבערווינדען און דער־

שטיקען אין זיך דאס געפיהל פון איינזאמקייט און הילפלאָזיגקייט, וועט דער זיג קומען בלויז דורך גייסטיגער אָנשטרענגונג.

בלויז דורך דעם זיג פון גייסט און ווילען איבער די עלעמענטען פון דער נאַטור און דער חיה אין דעם מענשען, וועלען מיר קאָנען רעדען וועגען דער פּלאַנעטארישער באדייטונג פון אונזער גייסט, וואָס איז אָם שטראַלענדסטען און אם שעהנסטען אויסגעדריקט אין די וויסענשאפטליכע און ליטעראַרישע שעפּפונגען. די גרויסע באדייטונג פון דער ליטעראטור באשטעהט אין דעם, וואס זי פארטיפט אונזער באוואוסטזיין, מאכט ברייטער אונזער לעבענס־ערפאַרונג און זאגט אונז, אז די גאנצע גייסטיגע וועלט איז באשאפען דורך בלוט און נערוועז פון די מענשען. זי ווייזט אונז, אז דער כינעזער הען־טאי איז פונקט אזוי אומבאפרידיגט פון פרויען־ליבע, ווי דער שפּאַניער דאָן זשואן; אז דער אביסינער זינגט די זעלבע לידער פון פרייד און טרויער, ווי דער פראנצויז; אז די בענקשאפט פון דעם מענשען צו נעפינען אין דער פרוי די אנדערע העלפט פון זיין נשמה, פארצעהרט און האָט פארצעהרט מיט דער זעלבער קראפט די מענשען פון אלע לענדער און אלע צייטען.

אַ מערדער איז אין אזיען פונקט אזוי אָפּשטויסענד, ווי אין איירָאָפּאַ; מיזאַנטראָפּען זיינען אומעטום עלענד און דער ריטער פון גייסט, דאָן קיכאָט, ווערט אומעטום גלייך באוואונדערט, און סוף כל סוף רעדען אלע מענשען אין אלע שפּראַכען וועגען די זעלבע זאכען, — וועגען זייער לעבען און מזל. מענשען מיט נידעריגע אינסטינקטען זיינען אומעטום גלייך נידעריג, בלויז די וועלט פון גייסט איז פארשידענארטיג.

מיט אַ געוואלטיגער קלאָרקייט אנטפּלעקט פאר אונז די שעהנע ליטעראטור צוגלייך אָט די גלייכהייט און פארשידענארטיגקייט. ליטעראטור, אָט דער לעבעדיגער שפּיגעל פון לעבען רעפלעקטירט סיי טרויער, סיי צאָרן דורך דעם גוטמוטיגען שמייכעל פון אַ דיקענס אָדער דורך דעם גרויזאמען בליק פון אַ דאָסטאָיעווסקי. די ליטעראטור שפּיגעלט אָפּ די גאנצע וועלט פון אונזערע פארלאַנגען, דעם שטעהענדיגען זומפּ פון באנאַליטעט, אונזער העלדישקייט און פיינהייט און אָנגעזיכט פון שיקזאל, ליבע און האס, נידעריגע חניפה

און שענדליכע ליגענס, אין קורצען — אלץ, וואס די וועלט לעבט דורך, אלץ, וואָס שטורעמט אין מענשליכען הארצען. ד'ערמיט, וואָס די ליטעראטור קוקט אויפ'ן מענשען מיט מיטגעפיהל אדער מיט'ן שטרענג'ין בליק פון א ריכטער, און באוואונדערט זיין מוט, ווארפט איהם פאר זיין שוואכקייט, — דערהויבט זי זיך איבער'ן לעבען, און צוזאמען מיט דער וויסענשאפט באלויכט זי דעם מענשען דעם וועג, וואָס פיהרט צו דער דערגרייכונג פון זיינע צילען, און צו דער אויפשפראצונג פון אלעם גוטען, וואס ליגט אין איהם פארבאָרגען.

עס איז קלאָר, אז די ליטעראטור קאָן ניט אינגאנצען פריי זיין פון דעם, וואס טורגעניעוו רופט עס אָן „דער דרוק פון צייט“. דאס איז טאַקע ניט מעהר, ווי נאַטירליך, ווייל די צייט וועט פריהער אדער שפעטער קומען פאדערען איהר חוב פון דעם מענשען, און אָפטמאָל אפילו מעהר, ווי עס קומט איהר, פארסם'ענדיג דערביי דעם הייליגען גייסט פון שעהנהייט. אָט די שעהנהייט ווערט פאר'סמ'ט דורך דעם העסליכען שטויב פון טאָג, אָבער „דאָס שעהנע איז דאָס זעלטענע“, ווי עדמונד קאָנקור האָט דאָס ריכטיג געזאגט, און מיר געפינען מעהרסטענס אין זאכען ווייניג שעהנהייט אָדער אומבא־דייטענדע געוועהנליכקייט; אבער דיזעלביגע געוועהנליכקייט, ווען זי פארזינקט צוריק אין דער פארגאַנגענהייט, ערשיינט זי צומאָל פאר די נאָכקומענדיגע דורות מיט אלע סימנים און אייגענשאפטען פון אמת'ער אומשטערבליכער שעהנהייט. זעהט דען פאר אונז היינט ניט אוים שעהן דאס לעבען פון די אלטע גריכען? באַ־גייסטערט דען אונז ניט די בלוטיגע, שטורמישע און שעפערישע צייט פון דעם רענעסאַנס מיט זיין גאַנצער געוועהנליכער גרויזאמ־קייט? עס איז העכסט וואַרשיינליך, אז די גרויסע טעג פון סאַ־ציאָנאַלע איבערקערעגישען, וואָס מיר לעבען איצט דורך, וועלען אין די נאָכקומענדיגע דורות אויך אַרויסרופען זייער באַגייסטערונג, עהרפורכט און שעפערישע קראַפט.

מיר ווילען אויך ניט פארגעסען, אז כאָטש באַלזאק'ס „אָרי־מע קרובים“, גאָגאָל'ס „טויטע נשמות“ און דיקענס'עס „פיקוויק פייפערס“ זיינען דורכאוים ביכער, וואס מאָלען די אומשטענדען פון געוועהנליכען לעבען, ענטהאלטען זיי אבער אין זיך א גרויסע און ניט־פארגעהענדיגע לעהרע, וואס קיין שום אוניווערזיטעט קאָן

זי ניט פארשאפען און וואס דער דורכשניטליכער מענש וואָלט קוים געקאנט אנדערש באנעמען מיט דערזעלביגער קלארקייט און קראפט אפילו נאָך פופציג יאהר פון שווערער ארבייט.

דאָס געוועגליכע איז ניט אלעמאָל באנאל, ווייל עס איז דעם מענשען׳ס געוועגליכער מזל פארברענט צו ווערען אין דעם העלישען פייער פון אומפארמיידליכקייט. און אָט־די זעלבסט־פארברענונג איז אלע מאָל שעהן און נויטיג, און אויך באלעהרענדיג פאר די, וואס האָבען זייער גאנץ לעבען אומזיסט געשטרעבט אויפצולויכטען אין דעם שטראהלענדיגען פלאַם, וואָס, פארניכטענ־דיג דעם מענשען, אנטפלעקט ער די געהיימניסען פון גייסט.

מענשליכע פעלערען זיינען ניט אזוי כאראקטעריסטיש פאר דער קונסט פון וואָרט אדער בילד; כאראקטעריסטישער פאר איהר איז די בענקשאפט צו דערהויבען דעם מענשען איבער די באדינ־גונגען פון זיין אויסערער עקזיסטענץ, צו באפרייען איהם פון דעם יאָך פון וואָכעדיגקייט, פארשטעלען איהם ניט ווי א שקלאַף, נאָר ווי דעם הערשער פון די אומשטענדען, ווי דעם פרייען שאפער פון לעבען, — און אין אָט־דעם זין איז די ליטעראטור אלעמאָל רע־וואָלוציאָנער.

מיט דעם מעכטיגען שוואונג פון גייסט, וואס דערהויבט זיך איבער אלע קליינליכקייטען פון לעבען, איז די שעהנע ליטעראטור אונזער גרויסע רעכטפערטיגונג. זי ווייס, אז עס זיינען ניטאָ קיין שולדיגע, — ווייל אלץ, וואס עס איז אין דעם מענשען, קומט פון מענשען. די גרויזאמע ווידערשפרוכען פון לעבען, וואס רופען ארויס פיינדשאפט און האס צווישען פעלקער, קלאסען און איינ־צעלנע מענשען, זיינען פאר דער ליטעראטור ניט מעהר, ווי א פאר־עלטערטער טעות, און זי גלויבט, אז דער מענש קאן און מוז צו־שטערען מיט זיין גרויסען ווילען אָט־די אלע טעות׳ען וואָס שטעהען אין וועג דער פרייער אנטוויקלונג פון גייסט און גיבען דעם מענ־שען איבער צו דער מאכט פון די חיה׳שע אינסטינקטען.

ווען מען באטראכט אויפמערקזאם דעם מעכטיגען שטראם פון שעפערישער קראפט, ווי ער ווערט פארקערפערט אין וואָרט און בילד, מוז מען דאן אָנהויבען פיהלען און גלויבען, אז דער ציל פון דעם דאזיגען שטראם איז אויף אייביג אבצושאפען די צוואַ־

מענשטויסען צווישען ראסען, נאציאָנען און קלאסען, און, באפרייענ־דיג די מענשען פון דער שווערער לאסט פון גענענזייטיגען קאמף, פרייצולאָזען זייערע כחות פאר דעם קאמף מיט די סודות׳דיגע נאטור־קרעפטען. און עס זעהט אויס, אז די קונסט פון וואָרט און בילד וועט דאמאָלט ווערען די רעליגיע פון דער מענשהייט; דאס וועט זיין א רעליגיע, וואָס וועט פאראייניגען אין זיך אלץ, וואָס עס איז געשריבען געוואָרען אין די הייליגע שריפטען פון אלטען אינדיען, אין צענד־אוועסטע, אין די עוואנגעליומס און אין דעם קאָראן.

אויסלאזענדיג אלע מעגליכע אינדיווידועלע אפווייכונגען, איז דאס אין קורצען די שטעלונג צו ליטעראטור מצד דער גרופע מיט־ארבייטער פונ׳ם פארלאג „וועלט־ליטעראטור״, וואָס דער בילדונגס־קאָמיסאריאט האָט געגרינדעט מיט׳ן ציל ארויסצוגעבען די ווערק פון די באדייטענדסטע שריפטשטעלער פון אמעריקא, פראנקרייך, דייטשלאנד, איטאליען, שפאניען, פאָרטוגאל, סקאנדינאוויען, אונ־גארן און א. וו.

דער פארלאג „וועלט - ליטעראטור״ האָט געמאכט אן אויסוואל פון ווערק, וואָס זיינען ערשינען זייט דער ענדע פון 18טען יאהרהונדערט ביז צו דער איצטיגער צייט, — פון דעם אנ־פאנג פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע ביז דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע. אזוי ארום וועט דער רוסישער בירגער האָ־בען די מעגליכקייט צו באקאָנען זיך מיט די אלע אוצרות פון פאָ־עזיע און קינסטלערישער פראָזא, וואָס איז געשאפען געוואָרען אין פארלויף פון אנדערטהאלבען יאהר הונדערט.

די ביבליאָטעק, וואָס אָט־דער פארלאג וועט ארויסגעבען, וועט מיט זיך פארשטעלען א היסטאָרישע אנטאלאָגיע, וואָס וועט דעם לעזער געבען די מעגליכקייט גרינדליך צו באקענען זיך מיט דער ענטשטעהונג און דעם אונטערגאנג פון ליטעראַרישע שולען, מיט דער ענטוויקלונג פון דער פאָעזיע און פראזא, מיט דעם איינפלוס, וואס איין ליטעראטור האָט געהאט אויף דער צווייטער, מיט דער ענט־וויקלונג פון דער ליטעראטור אין יעדען לאנד — פון וואָל־טער׳ן ביז אנאטאָל פראנס, פון ריטשארדסאָן ביז וועלס׳ן, פון געטע׳ן ביז האופטמאנען א. ז. וו. די דאזיגע ביכער זיינען באשטימט פאר

פאָלקס־בילדונג און האָבען אין זינען דעם לעזער, וואס וויל זיך באקאַנען מיט די ליטעראַרישע שעפּונגען, וואס זיינען געשאפען אין דער צווישען צייט פון די צוויי גרויסע רעוואָלוציאָנען. די ביכער וועלען אויך ענטהאַלטען איינלייטונגען און ביאָגראַפיען פון די פאַרפאַסער, ווי אויך סקיצען וועגען דער עפּאָכע, וועגען דאס ווערק איז געשאפען געוואָרען, א היסטאָריש־ליטעראַרישען קאָמענטאַר און ביבליאָגראַפישע באַמערקונגען.

עס ווערט געפּלאַנט אַרויסצוגעבען איבער 1500 אזוינע ביכער, אומגעפעהר 320 זייטען א בוך.

שפּעטער פּראָיעקטירט דער פאַרלאַג „וועלט־ליטעראַטור" צו באַקאַנען דאס רוסישע פאָלק מיט דער רוסישער מיטעלאַלטערליכער ליטעראַטור, ווי אויך מיט דער ליטעראַטור פון אַנדערע סלאַווישע פעלקער; עס ווערט אויך פּראָיעקטירט אַרויסצוגעבען די שעפּונגען פון מזרח: די ליטעראַטור פון אינדיען, פּערסיען, כינא, יאַפּאַן און די אַראַבישע.

אין דער זעלבער צייט וועט אַרויסגעגעבען ווערען א רייהע בראָשורען, וואס איז באַשטימט פאַר דער ברייטסטער פאַרשפּריי־טונג צווישען די מאַסען. די דאָזיגע בראָשורען וועלען ענטהאַל־טען די באַדייטענדסטע ווערק פון דער אייראָפּעאישער און אַמע־ריקאַנער ליטעראַטור און וועלען אויך האָבען באַמערקונגען און ביאָגראַפיעס.

כדי דאס רוסישע פאָלק זאָל קאָנען באַוואוסטזיניג אַרויפגעהן אויפ'ן וועג, וואס פיהרט צו זיין גייסטיגער פאַראייניגונג מיט די פעלקער פון אייראָפּא און אזיען, מוז עס פאַרשטעהן די אייגענטימ־ליכקייט פון יענע פעלקער; עס מוז פאַרשטעהן זייער געשיכטע, זייער פּסיכאָלאָגיע, אום צו קענען מיט זיי צוזאַמען בויען א לעבען אויף נייע ווירטשאַפטליכע פאָרמען.

די ליטעראַטור איז די לעבעדיגע געשיכטע פון אונזערע העל־דענטאַטען און טעות'ן, פון ערפאָלגען און מיסערפאָלגען אין אונזער פאַרגאַנגענהייט. זי אליין באַזיצט די פעהיגקייט צו באַאיינפלו־סען אונזערע געדאַנקען, אויספיינערען אונזערע אינסטינקטען, ער־ציהען דעם ווילען און זי מוז ענדליך שפּילען די ראָלע, וואס איהר

קומט, אין דער פארבינדונג פון די פעלקער דורך ווייזען זיי די געמיינזאמקייט פון זייערע ליידען און פריידען און פון זייערע האפ־נונגען אויף א גליקליך לעבען, וואס זאל זיין שעהן און פריי.

דער צוועק פון די בראשורען איז די גרויסע מאסע לעזער צו באקענען, ווי ווייט מעגליך, מיט די לעבענס־געוועהנהייטען פון די אייראפעאישע און אמעריקאנישע פעלקער; צו ווייזען זיי די געמיינזאמקייט און פארשידענהייט פון זייערע צילען, אידעען און זיטען; אין קורצען — פארצוברייטען דעם רוסישען מענשען, אז ער זאל זיין אימשטאנד צו באקענען זיך מיט דער וועלט און מענשען. דאס קאן נאר געטאן ווערען דורך דער ליטעראטור, וואס שפיגעלט אזוי קלאר אפ דאס לעבען און וואס איז דער בעסטער מיטעל, אז די פארשידענשפראכיגע פעלקער זאלען זיך געגענזייטיג פאר־שטעהן. און אין אונזערע טעג, ווען דער געדאנק וועגען דער פאר־ברידערונג פון פעלקער דארף ווערען א ווירקליכקייט, ליגט אויף אונז א חוב, צו מאכען די גרעסטע אנשטרענגונגען, אז דער דאזיגער געדאנק זאל וואס גיכער ארייננדרינגען אין די טיפענישען פון די פאלקס־מאסען, אין זייער גייסט און אין זייער ווילען.

יא, וואס מעהר דער מענש ווייסט, אלץ פאלקאמענער איז ער; יא, וואס מעהר דער מענש דאגה'ט וועגען זיינע מיטברידער, אלץ גיכער וועלען מיר אריבער די ליידענס־בריק, וואס טיילט אב די אלטע וועלט פון דער נייער, אלץ גיכער וועלען מיר קומען צו אונזער אייגענעם גליק.

כדי צו מאכען אנציהענד פאר דעם אונענטוויקעלטען לעזער דאס לייענען, וועלען די בראשורען באשטעהן פון אינטערעסאנטע געשיכטען, פון הומאריסטישע זאכען, היסטארישע נאוועלען א. ז. וו.

די בראשורען וועלען ארויסגעהן לויט א כראנאלאגישער ארד־נונג. אזוי ארום וועט דער פשוט'ער לעזער זיין אימשטאנד צו זעהן פאר זיך קלאר די גייסטיגע ענטוויקלונג פון דער וועלט, — פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן ביז אונזערע טראגישע טעג. עס ווערט געפלאנעוועט ארויסצוגעבען פון 3 ביז 5 טויזענד אזוינע בראשורען פון 32 ביז 64 זייטען יעדע.

לויט דעם פלאן, וועט דאס זיין דער גרעסטער פארלאג אין אייראפא.

נאָר צו פאַרדאַנקען די שעפערישע קרעפטען פון דער רוסי־שער רעוואָלוציאָן, איז מעגליך געווען די גרינדונג פון אָט דעם פאַרלאַג; פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן, וואָס די שונאים איהרע רופען זי „דער אויפשטאַנד פון די באַרבאַרען“. צו קענען אין אַזא טרויעריגער צייט אַזאַ שווערע און פאַראַנטוואָרטליכע אַרבייט אונ־טערנעמען, האָט דאָס רוסישע פאָלק א רעכט צו זאָגען, אַז עס האָט אויפגעשטעלט א ווירדיגען מאָנומענט.

נאָך די פאַרברעכערישע און פאַרפלוכטע שלאַכטען, וואָס זיינען אויפ'ן שענדליכסטען אופן אָרגאַניזירט געוואָרען פון מענשען אין זייער ליידענשאַפטליכער פאַרעהרונג פון דעם אָפּגאָט „גאָלד“, נאָך דעם בלוטיגען שטורעם פון בייזקייט און האַס, קאָן גאָר ניט זיין קיין מעהר ווירקזאַמע זאַך, ווי דאָס פאַרשפּרייטען אומעטום די שאַפונגען פון מענשליכען גייסט. בעת די רויהע קראַפט און ברו־טאַליטעט פייערען נאָך זייער יום טוב, לאָמיר אַלע גוט געדענקען, וואָס אמת־מענשליך איז, וואָס די פאַרגאַנגענהייט האָט אונז גע־לערנט, וואָס געניע און טאַלאַנט האָבען מיט דער וועלט געלערנט.

# ניקאָלאַי לענין.

וולאַדימיר איליטש לענין גלויבט, אַז דער יחיד שפּילט אַ קנאַפּע ראָלע אין דעם פאָרטשריט פון דער קולטור. אָבער ער אַליין שטעלט פאָר מיט זיך, נאָך מיין מיינונג, אַ קוואַל פון ענערגיע, וואָס אָהן איהר וואָלט די רוסישע רעוואָלוציע נישט געקאָנט געהן אויף איהר איצטיגען וועג.

איך האָב איינמאָל איהם פאַרגליכען אין אַ געוויסער הינזיכט מיט פּעטער דעם גרויסען. דער דאָזיגער פאַרגלייך איז פון אייניגע אויסגעלאַכט געוואָרען, ווי אַן איבערטרייבונג, אָבער איך האָב איהם געמאַכט טאַקע נאָר אין אַ געוויסער הינזיכט. פאַר מיר פערזענליך איז לענין'ס ראָלע פון אַן איבערבויער פון רוסלאַנד וועניגער וויכטיג, ווי די גרויסע ראָלע, וואָס ער שפּילט אַלס וועלט־רעוואָלוציאָנער. ער איז נישט נאָר אַ מענש, וואָס די געשיכטע האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט די געוואַלטיגע אויפגאַבע אויפצו־רודערען ביז'ן סאַמע גרונט דאָס פּיל־קאָלירטע, פאַרשלאָפענע, אומבאַוועגליכע רוסלאַנד — זיין ווילען איז אַ צושמעטערענדיגער מויער־ברעכער, וואָס טרייסעלט אויף מיט זיין מעכטיגען האַמע־רען די שטאַרקע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות פון מערב, און די העס־ליך־שקלאַפישע אויטאָקראַטיעס פון מזרח, וואָס האָבען זיך פון אָרט נישט גערירט אין משך פון טויזענטער יאָהרען.

ווי מיט צוויי יאָהר צוריק, רעכען איך נאָך אַלץ, אַז פאַר לענינ'ען איז רוסלאַנד נישט מעהר ווי דער מאַטעריאַל פאַר אַן עקספּערימענט, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען דורכצופיהרען אויף אַ ברייטען אַלוועלטליכען מאַסשטאַב. עס איז געווען אַ צייט, ווען איך פלעג אויס מיטלייד צום רוסישען פאָלק אַלע מאָל אויפ־געבראַכט ווערען פון דעם דאָזיגען געדאַנק. ווען איך האָב אָבער צוגעזעהן, ווי די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך פאַנאַנדערגעפלייצט

אין דער ברייט און אין דער טיף, און האָט אַלץ מעהר און מעהר געבראַכט צום לעבען און אָרגאַניזירט די קרעפטען, וואָס זיינען אימשטאַנד אונטערצוגראָבען די יסודות פון דער קאַפּיטאַליסטי־שער אָרדנונג, בין איך געקומען צו דער מיינונג, אַז אויב אפילו רוסלאַנד איז באַשערט צו דינען פאַר מאַטעריאַל פון אַן עקספּערי־מענט, איז אָבער נישט רעכט צו האַלטען פאַר דעם פאַראַנטוואָרט־ליך דעם מענשען, וואָס שטרעבט אַרויסצורופען צום לעבען די שלומערענדיגע ענערגיע פון די רוסישע אַרבייטענדיגע מאַסען.

אַ פאָלק, וואָס האָט געוועלקט אין דער שטיקענדיגער אַטמאָ־ספערע פון דער זעלבסטהערשאַפט, אַן אומבאַוועגליך פאָלק, וואָס לעבט אָהן ווילען און אָהן גלויבען אין די אייגענע כחות, וואָס איז נישט געניג „בורזשואַז" צו קאָנען אַרויסווייזען אַ שטאַרקען ווידער־שטאַנד און נישט געניג שטאַרק בייצוקומען אין זיך דעם גרויסען, הגם נישט־ווירדיגען, חשק צו בורזשואַזען וואוילזיין, — אַזאַ פאָלק מוז (ווי עס פיהרט שוין דערצו דער נאַטירליכער גאַנג פון זיין נארישער געשיכטע) דורכלעבען דעם גאַנצען טראַגיזם, וואָס פאַלט נויטווענדיגערווייז אויס אויפ'ן גורל פון אַ פּאַסיווען וועזען, בעת עס פאַרכאַפּט איהם אַן עפּאָכע פון שאַרפען, אומברחמנות'דיגען קלאַסען־קאַמף.

איך קלייב זיך דאָ נישט צו האַלטען אַ פאַרטיידיגונגס־רעדע פאַר לענינ'ען. נישט ער נויטיגט זיך אין דעם און נישט איך דאַרף עס טאָן.

אָבער איך קען איהם ביז אַ געוויסען גראַד, און ווען די „אָב־יעקטיוו־דענקענדיגע" מענשען האַלטען איהם פאַר'ן שולדיגען אין דעם בירגער־קריג, אין דעם טעראָר און אין נאָך אַנדערע פאַרברע־בענס, טראַכט איך וועגען לאָיד דזשאָרדזש, וועלכער האָט אין 1913־1914 געהאַלטען פאַר ענגלישע לעהרער, וואָס האָבען זיך געקליבען באַזוכען דייטשלאַנד, און פאַר דייטשע לעהרער, וואָס האָבען באַ־זוכט ענגלאַנד, שעהנע רעדעס וועגען די מעלות פון דעם דייטשען פאָלק און האָט אין דערזעלבינער צייט צוגעגרייט באַיאָנעטען און קוילען צו נוצען זיי געגען די דייטשען. אָט די אַלע „גרויסע מענשען": דער אומפאַרשעמטסטער ציניקער קלעמאַנסאָ, די סאָ־ציאַליסטען, וואָס האָבען געשטימט פאַר בורזשעטען אויף צו אָרגאַ־

ניזירען די אל־אייראָפּעאישע שחיטה; די וויסענשאַפּטסלייט, וואָס האָבען ערפונדען גיפטיגע גאַזען און אנדערע מיאוסקייטען, די פּאָעטען, וואָס האָבען געפּלוכט די דייטשען אין 1914 און די ענג־לענדער אין 1918 — אַט די אַלע פאַרשימעלטע און דורכגעפוילטע עלעמענטען פון דער אָפּשטאַרבענדיגער אלטער אָרדנונג האָבען טיף, אפשר שטערבליך, פאַרוואונדעט די אייראָפּעאישע קולטור, און זיי הערען נאָך ביז איצט נישט אויף צו פּייניגען רוסלאַנד, מיטהעל־פענדיג אין דער פּאָרטזעצונג פון דעם בירגער־קריג, פאַרשטאַרקענ־דיג איהם דורך דער בלאָקאַדע און אויס'הרג'ענענדיג קליינע קינ־דער דורך הונגער און קעלט.

טעותים — אויב מען דאַרף זיי בכלל דערמאָנען — זיינען נישט קיין פאַרברעכענס. די טעותים, וואָס לענין איז באַגאַנגען, זיינען טעותים פון אַן עהרליכען מענשען, און די געשיכטע וויים נישט פון קיין רעפאָרמאַטאָר, וואָס זאָל נישט האָבען באַגאַנגען קיין טעותים. אַנדערש איז אָבער מיט ללאָיד דזשאָרדזש'ן, קלע־מאַנסאָ וחברותא. זיי באַגעהען נישט קיין פעהלערען, זיי האַנד־לען ווי פּראָפעסיאָנעלע מערדער, פאַר'משפט'ענדיג אַ גאַנץ פאָלק אויף די מאַטערנישען פון הונגער און קעלט און מיטהעלפענדיג אין דער פּאָרטזעצונג פון דעם בירגער־קריג, וואָס האָט דורכאויס קיין שום זין נישט, ווייל אויסער די באָלשעוויקעס איז נישטאָ אין רוס־לאַנד קיין שום קראַפט, וואָס זאָל זיין פעהיג איבערצונעהמען די מאַכט אין איהרע הענט און צו דערהויבען דאָס אויסגעמאַטערטע לאַנד צו דער ענערגישער אָנשטרענגונג, וואָס איז נויטיג פאַר פּראָדוקטיווער אַרבייט.

* *
*

אומקעהרענדיג זיך צוריק צו וולאַדימיר איליאיטש, מוז איך זאָגען, אַז מיינע פערזענליכע סימפּאַטיען צו איהם באאיינפלוסען מיך גאָרנישט, בעת איך שרייב וועגען איהם. איך קוק אויף איהם מיט די זעלביגע אויגען, ווי איך קוק אויף אַלע אַנדערע מענשען און ערשיינונגען, וואָס אינטערעסירען מיך, ווי אַ מיטעל צו פאַר־שטעהן דורך זיי דאָס לעבען פון מיין לאַנד.

באַטראַכט דעם דאָזיגען מענשען, בעת ער רעדט פאַר אַ פאַר־

זאַמלונג פון אַרבייטער. ער רעדט אויסערגעוועהנליך איינפאַך, אין אַ קרעפטיגען אייזערנעם סטיל און מיט געוויינענדיגער לאָגיק. איך האָב אָבער אין זיינע האַרטע ווערטער קיינמאָל נישט געקאָנט אויפדעקען קיין סימן פון דעמאַגאָגיע אָדער פּלאַכער אויספּיינעריי פון שעהנע פראַזען. זיין „לייט־מאָטיוו“ איז אַלע מאָל דערזעל־ביגער — די גוטיגקייט צו פאַרניכטען ביז'ן סאַמע וואָרצעל די נישט־גלייכהייט צווישען מענש און מענש און די מיטלען פאַר דעם דאָזיגען ציל. די אַלטע ווערטער באַקומען אויף זיינע ליפּען אַ שאַרפען נישט נאָכגעביגען קלאַנג; ווען מען הערט איהם רעדען, פיהלט מען אַלע מאָל, ווי פעסט עס איז זיין גלויבען אין זיינע אייגענע ווערטער און ווי פריי ער איז פון יעדען צווייפעל, — דאָס איז דער גלויבען פון אַ פאַנאַטיקער, אָבער פון אַ וויסענשאַפט־ליכען און נישט קיין מעטאַפיזישען אָדער מיסטישען פאַנאַטיקער. עס דאַכט זיך מיר, אַז ער האָט קוים עפּעס אַן אינטערעס אין פאַראיינצעלטע מענשען, ער האָט אין געדאַנק בלויז פּאַרטייען, מאַסען, שטאַטען, און ער פאַרמאָגט אויף אָט דעם פעלד אַ זעהונגס־קראַפט, די אינטואיציע פון אַ געניע, פון אַ פאַרשענדיגען גייסט. ער פאַרמאָגט די אויסערגעוועהנליכע קלאָרקייט פון געדאַנק, וואָס מען קאָן באַקומען נישט אַנדערש, ווי נאָר דורך אָנגעשטרענגטער אומאויפהערליכער אַרבייט.

איינער אַ פראַנצויז האָט מיך איינמאָל געפרעגט: „רעכענט איהר נישט, אַז לענין איז אַ דענקענדיגע גיליאָטינע?“ איך האָב געענטפערט: „איך וואָלט פאַרגליכען די אַרבייט פון זיין מאַרך מיט די קלעפּ פון אַ האַמער, וואָס איז באַשאָנקען מיט זעה־קראַפט און צושמעטערט פּינקטליך און אין דער ריכטיגער צייט דאָס, וואָס עס דאַרף צושמעטערט ווערען“.

פאַר די זעלבסט־צופרידענע קליינבירגער פון אַלע לענדער מוז לענין אודאי אויסזעהן, ווי אַן אַטילאַ, וואָס איז געקומען צו פאַר־ניכטען דעם רוים פון דעם אומבאַוועגליכען און באַקוועמען וואויל־זיין זייערען, וואָס איז געבויט אויף שקלאַפעריי, רויבעריי און בלוט־פאַרגיסונג. אָבער ווי דער אַלטער רוים האָט פאַרדינט אונ־טערצוגעהן, אַזוי ווייזען אויך די פאַרברעכענס פון דער מאָדערנער

וועלט די נויטיגקייט פון איהר פארניכטונג. דאס איז א היסטא־רישע נויטיגקייט וואס קיינער קאן זי נישט פארמיידען.

מען הערט אפט פלאפלען וועגען דעם ווערט פון דער אייראָ־פעאישער קולטור און דער נויטיגקייט צו באשיצען זי פון דעם אנ־גריף פון די נייע „הונען". אזוינע רייד קאנען זיין אויפריכטיג און וויכטיג נאר אויף די ליפען פון רעוואָלוציאָנערען; ווען אבער מען הערט זיי פון די, וואס האבען אָרגאניזירט און מיטגעהאָלפען אין דער שחיטה פון 1914—1918, איז דאס א נידערטרעכטיגער ליגען.

דער פאָרטשריט פון דער קולטור — אויב מען זאָל אונטער דעם פארשטעהן די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון קונסט, וויסענ־שאפט, טעכניק און די פארמענשליכונג פון דעם מענשען, וואס געהט איינגענטליך בייינאנד מיט דעם דאָזיגען פאָרטשריט און איז דער רעזולטאט דערפון — קאן דאס, נאטירליך, נישט געשטערט ווערען פון די נייע באדינגונגען, וואס וועלען מאכען מעגליך פאר די ברייטע מאסען און נישט נאר פאר געקליבענע צו באטייליגען זיך אקטיוו אין קולטורעלער ארבייט.

* *
*

די געוואגטקייט פון דער פאנטאזיע דיקטירט מיר צומאָל אזא פראגע:

„וואס איז לענין'ם זעהונג פון דער נייער וועלט?"

און דעמאָלט ווערט אויפגעוויקעלט פאר מיר א הערליכע זע־הונג פון דער ערד וואס איז דורך דער ארבייט פון פרייע מענשען פארוואנדעלט אין א פראכטיגען גיגאנטישען איידעלשטיין. אלע מענשען זיינען גייסטיג ענטוויקעלט און יעדער איינער האט א גע־פיהל פון פערזענליכער אחריות פאר אלץ וואס עס איז געשאפען פון איהם און ארום איהם.

אומעטום געפינען זיך שעהנע שטאָדט־גארטענס, וואס זיינען פול מיט גרויסארטיגע געביידען: די נאטור־קרעפטען, באזיגט און רעגולירט דורכ'ן מענשליכען שכל, ארבייטען אומעטום פון זיין טובה וועגען, און דער מענש איז, ענדליך, געווארען דער אמת'ער

הערשער איבער דער נאַטור. זיין פיזישע ענערגיע ווערט מעהר ניט פארשווענדט אויף שווערער, אומרייינער ארבייט; זי איז פאר־ווענדט אויף אויסצופאָרשען די פונדאמענטאַלע פּראָבלעמען פון לעבען וואָס דער מענש האָט דורות־לאנג אומזיסט געזוכט זיי צו לעזען (די אָנשטרענגונג, וואָס ער האָט געמוזט מאכען אויף צו דערקלערען און רעכטצופארטיגען די ערשיינונגען פון סאציאלען קאַמף, האָט איהם געלאָזט אַן אויפגעטרייסעלטען און א צורודער־טען, און דער אומפארמיידליכער דראמאטיזם פון זיין לאגע אין א וועלט פון אזוינע ערשיינונגען האָט געבראכען זיין קראַפט).

פאראיידעלט טעכניש און באַגריפען סאציאל, איז די ארבייט געווארען פאר׳ן מענשען א פרייד. דעם מענשענ׳ס פארשטאנד — דער טייערסטער עלעמענט אין דעם אוניווערז — איז, ענדליך, גע־ווארען באמת פריי און אומדערשראָקען.

אומדערשראקענקייט פון געדאנק און טיפע השגה אין פּאָ־ליטיק זיינען די פונדאמענטאַלע שטריכען פון לענינ׳ס שכל. די וועלט האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט אזא שפראך, ווי די, וואס ווערט באַנוצט פון דער דיפּלאָמאטיע, וועלכע ער אינספּירירט. דאָס איז אודאי א שפראך, וואָס שאָקירט דעם צארטען געהער פון די באפראקטע דיפּלאָמאטען; זי איז אבער געוואלטיג אמת׳דיג. און דער אמת וועט פארבלייבען א הארבע זאך אזוי לאנג, ווי מיר אליין וועלען איהם ניט מאַכען אזוי שעהן, ווי אונזער מוזיק, וואָס איז איינער פון די שעהנסטע אמת׳ען, וואס מיר, מענשען, האָבען געשאַפען.

איך גלויב ניט, אז איך זאל האָבען צוגערעכענט צו לענינען טרוימען, וואָס זיינען איהם פרעמד; איך רעכען ניט, אז איך זאָל האָבען דעם דאזיגען מענשען אידעאַליזירט. איך קאָן זיך איהם ניט פארשטעלען אָהן דעם דאָזיגען שעהנעם טרוים וועגען דעם צו־קונפטיגען גליק פון אלע מענשען, וועגען א ליכטיגען פריידיגען לע־בען. וואָס גרעסער דער מענש, אלס געוואגטער זיינען זיינע טרוימען.

לענין איז מעהר מענשליך ווי ווער־עס־איז פון אלע מיינע צייט־חברים. און כאָטש זיינע געדאנקען זיינען געווים מעהר פון אלץ פארנומען מיט אזוינע פאליטישע ענינים וואס א ראָמאנטיש־געניייגטער מענש וואָלט זיי געמוזט אנרופען „ענג־פּראקטישע“, בין

איך דאָך זיכער, אַז אין די זעלטענע מאָמענטען פון רוח שוועבט זיין אַקטיווער געדאַנק איז אַוועק פיל ווייטער אין דער שעהנער צו־קונפט און זעהט דאָרט פיל מעהר, ווי איך קאָן זיך דאָס גאָר פאָר־שטעלען.

דער הויפּט ציל פון לעניג׳ס לעבען איז דער אַלמענשליכער גליק. מיט זיין טיפען בליק דרינגט ער אַריין אין די ווייטקייט פון יאָהר־הונדערטער און זעהט דאָרטען דעם סוף פון דעם גרויסען פּראָצעס, וואָס ער האָט אַזוי העלדיש און אָפּפערוויליג געהאָלפען אָנהויבען. ער איז אַ אידעאַליסט, — אויב מען זאָל אונטער דעם וואָרט פאַרשטעהן די פאַראייניגונג פון אַלע קרעפטען פון דער נאַטור אין איין אידעע, אין דער אידעע פון אַלגעמיינעם גליק. זיין פּערזענליכער לעבען איז אַזאַ דאָס אין אַ צייט פון אַ רעלי־גיעזער שטימונג וואָלט מען לעניג׳ען געהאַלטען פאַר אַ היילינגען.

פאַר אַ היילינגען... איך ווייס: די קליין־קעפּיגע קליינבירגער וועלען פון די כלים אַרויס. אפילו אַ סך געבאָסען וועלען אַ שמייכעל טאָן, און לעניג אַליין וועט זיך לוסטיג צולאַכען, ווען ער וועט דערהערען, ווי איך רוף איהם אָן היילינגער. „היילינגער" איז אפשר טאַקע אַ משונה׳דיגער און לעכערליכער וואָרט, ווען מען ווענדט איהם אָן אויף אַ מענשען, „פאַר וועמען עס עקזיס־טירט ניט קיין היילינגעס", ווי עס האָט זיך וועגען לעניג׳ען אויס־געדריקט דער אויסגעוועפּטער „גאָט־מענש", דער געוועזענער רע־וואָלוציאָנער נ. טשאַיקאָווסקי, און וועמען דער דזשענטעלמעני־שער ציוויליזירטער פירער פון די ענגלישע קאָנסערוואַטאָרען, לאָרד טשוירטשיל, האַלט פאַר׳ן „ווילדעסטען און עקעלהאַפטסטען מענשען". אָבער דער חשוב׳ער לאָרד וועט דאָך ניט לייקענען, אַז קירכליכע היילינגקייט איז גאָר ניט געווען פרעמד פון ווילד־קייט און אכזריות, ווי מיר ווייסען עס פון די בלוטיגע געשלעגען פון די „פאַטערס פון דער קירכע" אויף די קירך־קאָנגרעסען, פון די מעשים טובים פון דער היילינגער אינקוויזיציע און פון פיעל אַנדערע געמיינהייטען. פון דער אַנדער זייט, ווייסען מיר, אַז דער געביט פון בירגערליכער טעטיגקייט האָט אימער באַשאַפען פיעל מעהר היילינגע מענשען — אויב אונטער׳ן וואָרט „היילינג־

קייט" זאָל מען פאַרשטעהן א פּורכטלאָזען, ניט־איינגעצנוציגען דינער צו די אינטערעסען פון פאָלק, פון פרייהייט און אמת.

דער שטרענגער רעאַליסט, דער שאַרפער פּאָליטיקער, לעניז, ווערט ביסלעכווייז א לעגענדאַרע פּערזענליכקייט, א פּערזענליכ־קייט, וואָס רייצט די פאַנטאַזיע פון די ברייטע פאָלקס־מאַסען. דאָס פאָלק באַטראַכט איהם פאַר זיין העלד, פאַר זיין ערלעזער. דאָס איז גוט.

פון די פּאַרוואָרפענע דערפער פון אינדיען שלעפּען זיך איי־ דוסען, וואָס ווערען שוין פיעל יאָהר־הונדערטען געפּייניגט אונ־ טער'ן יאָך פון ענגלישע טשינאָווניקעס; זיי שלעפּען זיך הונ־ דערטער וויאָרסט אין געהיים, ריזיקירענדיג מיט זייערע לעבענס, — שלעפּען זיך דורך וועלדער און פעלדער, איבער בערג און טאָ־ לען קיין קאָבול (אפגאַניסטאַן, צפון אינדיען), וואו עס געפינט זיך א סאָוועטסקער פאַרשטעהער; זיי דערשלעפּען זיך אהין און פרעגען:

— וואָס איז לענין?

און אויף אנ'אנדער עק וועלט זאָגען נאָרוועגישע אַרבייטער צו א געוועהנליכען ניט־איבערגעשפּיצטען רום:

— אייער לענין איז דער עהרליכסטער יונג. אזא האָט נאָך די וועלט ניט געזעהן.

איך זאָג: דאָס איז גוט. די מעהרסטע מענשען מוזען גלויבען, אום זיי זאָלען קענען אָנפאַנגען צו טאָן. עס וואָלט גע־ נומען צו לאַנג צו וואַרטען, ביז אַלע וועלען אָנהויבען צו דענקען און צו פאַרשטעהן: דער בייזער גייסט פון קאַפּיטאַל וואָלט זיי דערווייל אַלע שנעלער געשטיקט מיט אָרעמקייט, שיכרות און אויסצעהרונג.

מיר דאַכט זיך, אז עס איז נויטיג אנצואווייזען, אז לענינ'ען איז ניט פרעמד פריינדשאַפט, אז אין אַלגעמיין, „קיין זאַך, וואָס איז מענשליך, איז איהם ניט פרעמד". עס איז אביסעל ניט אנגענעהם און לעכערליך צו רייידען וועגען דעם, אָבער די „מעשׂ־ טשאַנעס" פון אַלע לענדער זיינען שטאַרק אנגעשראָקען, און לאָרד טשוירטשיל ווערט זאָגאַר אזוי אויפגערעגט, ווען ער גיט נאָר א קוק אויפ'ן מזרח, אז זיין געזונד שטעהט אין געפאַהר. און אזוי

ווי איך לייד פון גוטמוטיגקייט, האלט איך עס פאר מיין פליכט עטוואס צו בארוהיגען די דערשראקענע, אויפגערעגטע און אנ־דערע שונאים פון פיהרער פון „באלשעוויזם“.

עס טרעפט, אז לענין איבערשעצט אמאל די גוטע אייגענ־שאפטען פון א מענשען צו גונסטען פון אט־דעם באטרעפענדען מענשען, און צום שאדען פון דער זאך. אבער עס איז א פאקט, אז יעדער לענינ'ס אונטערשעצונג פון א מענשען אדער פון אן ער־שיינונג, — ווי אומבאגרינדעט זי זאל זיך אויסדרוכטען, — איז אימער באשטעטיגט געווארען פון מענשען, וועלכע ער האט אונ־טערשעצט, נאך פריהער, איידער ער האט געזעהן די רעזולטאטען פון זייער ארבייט. דאס קען זיך זיין א באווייז, אז די שלעכטע אייגענשאפטען פון א מענשען באמערקט לענין בעסער ווי די גוטע, אבער דאס קען אויך באווייזען, אז שלעכטע מענשען זיינען אויף דער וועלט דא פיעל מעהר, ווי ניצליכע.

עס טרעפט, אז אין דעם שטרענגען און שארפען פאליטיקער גיט א מאל א בליץ א פייערעל פון כמעט פרויען־צערטליכקייט צו א מענשען. און איך בין זיכער, אז טעראר פארשאפט איהם אונערטרעגליכע שמערצען, הגם ער פארבארגט זיי זעהר קונציג. עס איז אונוואהרשיינליך און אונמעגליך צו דענקען, דאס מענ־שען, וועלכע זיינען פון דער היסטאריע פאראורטיילט צו אזא גרויסען ווידערשפרוך, — אוועקצונעמען די לעבענס ביי אייניגע פאר דער פרייהייט פון אנדערע, — זאלען ניט פיהלען קיין ליידען, וואס פלאגען די נשמה. איך קען עטליכע פאר אויגען, אין וועלכע אט דער שמערצליכער ליידען איז ווי פארגליווערט געווארען אויף אייביג, אויפ'ן גאנצען לעבען. איך פערזענליך שוידער אויף פון יעדען מארד, אבער די לייט, פון וועלכע איך רעד, האלט איך פאר מארטירער, הגם זיי נעמען אוועק מענשליכע לעבענס. און מיין געוויסען ערלויבט מיר קיינמאל ניט צו מאכען זיי פארוואורפען.

איך פיהל, אז ווען איך רייד וועגען לענינ'ען, ווילט זיך מיר געגען מיין ווילען רעדען אלץ. דאס איז אפשר קיין וואונדער ניט: ווארים ער איז דאך א מענש, וואס שטעהט אין צענטער פון אלץ און איז העכער פון אלץ.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז פּערזענליך וועגען לענינ׳ען קען מען זאָגען פיעל מעהר, ווי איך האָב דאָ געזאָגט. און איך וואָלט געזאָגט מעהר, ווען ניט זיין באַשיידענהייט. די באַשיידענהייט פון דעם מענשען, וואָס איז גענצליך פריי פון עהרגייץ, שטערט מיר: איך וויים, אַז אַפילו דאָס ביסעלע, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, וועט ער אויך באַטראַכטען פאַר איבריג, פאַר איבערטריבען, פאַר לעכערליך. נו, זאָל ער לאַכען. ער קען גאַנץ גוט לאַכען. אָבער איך האָף, אַז פאַר פיעלע וועט זיין ניצליך איבערצולייענען די דאָזיגע שורות.

אין די שורות האָב איך גערעדט וועגען אַ מענשען, וועלכער האָט געהאַט דעם מוט אנצופאַנגען דעם פּראָצעס פון דער אַל-אייראָפּעאישער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין אַ לאַנד, וואו 85 פּראָצענט פּויערים ווילען זיין זאַטינקע בורזשועז און ניט מעהר. די מוטיגקייט באַטראַכטען פיעל פאַר אַן אונזין. איך האָב מיין טעטיגקייט אַלס וועקער פון רעוואָלוציאָנערער שטימונג אָנגעפאַנגען מיט אַ לויב-געזאַנג צום אונזין פון די בראַווע.

עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען דער נאַטירליכער רחמנות צום פאָלק פון רוסלאַנד האָט מיר געמאַכט דענקען, אַז אונזין איז כמעט אַ פאַרברעכען. אָבער איצטער, ווען איך זעה, אַז דאָס פאָלק קען פיעל מעהר געדולדיג ליידען, ווי באַוואוסטזיניג און עהרליך ארבייטען — זינג איך ווידער שירה צום הייליגען אונזין פון די בראַווע. צווישען זיי איז וולאַדימיר איליטש לענין דער ערשטער און דער סאַמע אונזיניגסטער.

1919